№ 44. | צוויי׳טער יאהרגאנג

יודישע
# פאלקס-צייטונג

28 October 1903. | פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא. | ז׳ חשון תרס״ד.

## נאָך נישט קיין געוועזענער צופאל!!!



אזוי ווי ביי אונז איז דא א גרויסער זאפאס סחורה, האבען מיר זיך בעשלאסען פון יולי אהן צו בעשטימען א פרייז, וואס איז נאָך גישט געווען: פאר 6 רובל מיט 50 קאפ. שיקען מיר ארויס פיער זאכען, וואס קאסטען אין בעזונדער פערקויף 12 רובל מיט 75 קאפ. 1) א גוטע טאשען־זייגער פון עכטען פראנצויזישען גאלד "וויעק" אויפצוציהען אהן א שליסעל אדער א דאמען־זייגער 6 רובל 50 קאפ. 2) א פראנצויזישע קייטעל אדער צו א דאמען־זייגער א האלז־קייטעל פון דעם אייגענעם מעטאל 1 רובל 50 קאפ. 3) א פאריזער קאמפאס אדער א בונאקלע מיט רייצענדע פיגורען פון פערשיעדענע שענהייטען 50 קאפ. 4) איין עלעגאנטען רינג פון מאססיווען גאלד 56 די פראבע, נייע פאסאנען מארקיז ארומגעשאטען מיט עכטע פאריזער ברילאנטען. און אין מיטען א רובין, סאפיר, איזאומרוד אדער בירוז לויט ווי דער בעשטעלער קלויבט אוים 4 רובל 25 קאפ. צוזאמען 12 רובל 75 קאפ. נאר פאר 6 רובל 50 קאפ. די איינענע זייגערס מיט קופערטען מיט די אלע ביילאגעס מיט 2 רובל טהייערער. די זייגערס ווערען צוגעשיקט אבגעצויגען און אויס רעגולירט אויפ'ן מינוט לויט די ווארשעווער אבסערוואטאריום צייט מיט א קאווציאן פאר ריכטיג געהן אויף 6 יאהר. בעשטעלונגען ווערען תיכף ארויסגעשיקט מיט א נאלאזש אהן האנד־געלד. צו אדרעסירען:

Варшава »Континентъ« Центральная почта № 473.

---

## 1000 ביז 2000 רובל זייטיגע הכנסה יעדעס יאהר

קען האבען יעדער, וועלכער פאר 500 ביז 600 רובל (מען קען אויס־צאהלען אין ראטעס) שאפט זיך איין פון אונז א מאשינע מיט א בע־שרייבונג, וועלכע לערנט אויס ווי איינצוארדענען א זאוואד אליין אהן שום הילף פון איין אנדערן און אהן שום לערנען פאר דעם, ווי צו מא־כען אלערליי סארטען געטרענקע פון פרוכט, יאגדעס, סעלטערס און אנדערע מינעראל־וואסער, פערשיעדענע קוואסען, פראנצויזישע געטרענ־קע און ווײן: סידר, שאמפאניער, אריענזשען א. ד. ג. — דעם חשבון וואס דאס דארף קאסטען אין פאלשטענדיגען פראקטישען פרייז קוראנט מיט אילוסטראציעס שיקט ארויס פאר צעהן זיבענקאפעקעדיגע פאסט־מארקען די פאבריק פון מאשינען: (237) 6—5

Фабрика машинъ ИППО и Ко. въ Варшавѣ,
Грибная ул, собств. домъ № 15н.

---

### דיא ערשטע און איינציגע

## מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שוהוערק.

**А. Гринштейнъ, Варшава, Новолипки № 58.**

נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה־ווערק, עס מאכט קיין אונטער־שייד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען געקלעפט מעכאניש, גאר אהן נעהטע און די רעפארירטע שוהע קומען ארויס ווי פון דער ניי, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.

פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קען איך מיט זיי אייגענען לויט בעשטימטע בעדינגונגען, ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט אריינשיקען א פאסט־מארקע פאר 7 קאפ.

דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום און ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר

А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.

פיליאלען: I פראנציסקאנסקא 3 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.

229 25—17

רעפאראציאן ווערד פערפערטיגט ווארטענדיג.

---

## לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.

זאלכע פערפערטיגט אין אייגענער פאבריק וועלכע איז בעהרט געווארען מיט מעדאילע פון דער דאקטארסקע אויסשטעלונג

**Д. Мошковскій, Варшава**
Налевки № 37

(135) 50—33

---

## היימישע מיטאגען!

צו מעסיגע פרייזען, אויך פער־שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל־לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50-29

---



**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 321 50—16

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

**НОВАЯ КНИГА**

## „СОВРЕМЕННАЯ ПАЛЕСТИНА"

въ физико-этнографическомъ и политическомъ отношеніяхъ

составилъ И. Белкиндъ.

Книга эта иллюстрирована, содержитъ 19 печатныхъ листовъ на веленевой бумагѣ и имѣетъ 11 географическ. картъ

Цѣна книги 1 р. 40 к. въ изящн. переплетѣ 1 р. 90 к.

ПРОДАВЦАМЪ ОБЫЧНАЯ СКИДКА.

СКЛАДЪ ИЗДАНІЯ

при Типографіи и Фабрикѣ Писчебумажн. Издѣлій

Торговаго Дома

**Г. М. ЛЕВИНСОНЪ, ВЪ ОДЕССѢ.**

Желающимъ ознакомиться съ содержаніемъ этой книги безплатно высылается краткое описаніе ея.

---

### אינטערעסאנט׳ שיין און וויכטיג

איז דער בעריהמטער אדעסער

## יודיש־רוסישער טעגליכער אבריים־קאלענדאר

## (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)

### אויף דעם יאהר 1904 (תרס"ד־תרס"ה)

(צווייטער יאהרגאנג)

דער אינטערעסאנטער אבריים־קאלענדאר איז זעהר שיין און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען אויף פיין פאפיער אין א וואונדער שיינעם ארדנונג מיט א פיין איליוסטרירט ווענטל אין זעכס שיינע פארבען.

אינהאלט פון קאלענדאר:

1) יודיש־רוסיש־אויסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויזיש, און פוילישע שפראכע).
2) זונן־אויפגאנג־זונן־אונטערגאנג,
3) צייט פון ליכט בענשען,
4) ראש חודש בענשען, מולדות,
5) וויכטיגע היסטארישע בעשרייבונגען,
6) יאהרצייטען פון יודישע גרויסע מענער,
7) אפאריזמען (ערהאבענע געדאנקען) שטראף־רייד,
8) טיראזשען פון די באנק־בילעטען,
9) פלאטען אויף בעמערקונגען, (для замѣтокъ)
אויף דער צווייטער זייטע קומט.
10) וואונדער־שיינע אנעקדאטען,
11) וויכטיגעס פיר יודען, היסטארישע ערקלערונגען וועגען ימים טובים און תענתים,
12) וויסענשאפטליכע, אינטערעסאנטע און וויכטיגע ארטיקלען.

דאס ווערטע פובליקום וועט גאנץ איבעראשט זיין פון דיעזען וואונדער־שיינעם אינטערעסאנטען וויכטיגען אבריים־קאלענדאר.

(248) **פרייז 30 קאפ. מיט פארטא 40 קאפ.** 15—7

4 קאלענדארען אויף איינמאל איז פארטא־פריי. — ווייניגער פון 10 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.**
**Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).**

Nr. 44. **Jüdische Volks-Zeitung** צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פירטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פירטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל אונ דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 0: קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע פאלקס-צייטונג

א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן
און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . . 5 „
פירטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלב-יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל-יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

28 October 1903. Nr. 44. ז' חשון תרס"ד.

# די אספה אין ארץ-ישראל.

פונקט אין דער צייט, וואס ס'איז געווען דער קאנגרעס אין באזעל, איז געווען אויך אין ארץ-ישראל א פארזאמלונג פון די דע־לעגאטען פון די יודישע קאלאניעס אונ שטעדט אין ארץ-ישראל.

נאך אויף דער לעצטער אספה פון די חובבי ציון אין אדעסא, וועלכע איז געווען מיט 9 חדשים צוריק, האט מען בעשלאסען צו רעפארמירען דעם ועד הפועל אין יפו אונ ארגאניזירען איהם אויף אזא אופן, אז ס'זאלען קאנען ארבייטען אין איהם אלע קרעפטען, אלע טיכטיגע עלעמענטען, וועלכע מיר פארמאגען אין ארץ-ישראל. צו דעם צוועק איז געשיקט געווארען קיין ארץ-ישראל א קאמיסיע פון רוסלאנד, אין וועלכער ס'האבען זיך געפונען: אוסישקין, קלוסקין אונ דרויאנאוו. די קאמיסיע האט געטאן דעם חוב איהרען ווי ס'בעדארף צו זיין אונ נאך מעהר ווי מ'האט פון איהר פארלאנגט. אנשטאט וואס נאך דער בעשליסונג פון דער אספה פון די חובבי ציון האט בע־דארפט זיין די ארבייט פון דער קאמיסיע אין פאלעסטינא נאר אין דער ספערע, אין וועלכער ס'ארבייטען די חובבי ציון, האבען די חברים פון דער קאמיסיע פארברייטערט זייער אופן ארבייט אונ האבען אריין גענומען אין זייער פראגראמע אויף דעם אלטען ישוב, וועלכער האט ניט קיין שייכות צו די חובבי ציון. זייער ציעל איז געווען צו שאפען א גרויסע ארגאניזאציע, אין וועלכער ס'זאלען אריין געהן אלע יודען פון ארץ-ישראל, בכדי די ארבייט אונזערע אין ארץ-ישראל זאל זיין גרוים אונ זיכער, ווען זי וועט זיך טון דורך די בעסטע קרעפטען אין ארץ-ישראל.

נאך א חודש ארבייט, אין וועלכען זענען ארומגעפאהרען צעהן מענשען, ביי וועלכע ס'איז געווען שטארק דער ווילען, צו זעהן אין ארץ-ישראל א גרויסען ארגאניזירטען צענטער, אין וועלכען ס'זאלען זיך געפינען מענשען פון אלע קלאסען, אויף וועלכע ס'שטיילען זיך די יודען אין ארץ-ישראל, האט זיך איינגעגעבען צו ציהען צו דער אר־גאניזאציע מעהר ווי 2000 מאן, צווישען וועלכע ס'געפינען זיך רבנים, שוחטים, לעהרערס, סוחרים, בעלי-מלאכות, דאקטוירים, קאלאניסטען. א. ז. וו.

דעם ערשטען אלול האט זיך געעפענט די אספה, אין וועלכער ה' אוסישקין איז געווען פרעזידענט. אויף דער אספה זענען געווען 70 דעלעגאטען אונ 50 געסט. צווישען די דעלעגאטען זענען געווען אויך פון די תימנים אונ די ספרדים. צום מעהרסטען האט מען גערעדט די גאנצע צייט פון דער אספה, וועלכע האט געדויערט דריי טעג, אויף העברייאיש.

איינע פון די פראגען, וועלכע האט אוועק גענומען א סך צייט אונ האט געגעבען די מעגליכקייט א סך דעלעגאטען צו ווייזען זייער „יראת שמים", איז געווען די פראגע, צי מ'זאל אריין נעמען פרויען אין דער ארגאניזאציע. נאך א גרויסער מלחמה, וואס קיין שום אנ־דערע פראגע האט ניט ארויסגערופען אזוינע, אין וועלכער ס'איז גע־פלויגען „גמרות" אונ „מדרשים" אונ גלאט אזוי „קלוגע" אונ „שטאר־קע ווערטער", האט מען ארויסגעטריבען די יודישער מוטער פון צו נעמען איין אנטייל אין אונזער פאלקס-ארבייט.

גליקליך איז אונזער באבע דבורה הנביאה, וואס זי האט גע־לעבט מיט א פאר טויזענט יאהר צוריק.

נארישקייטען אונ „קליינגקייטען" האבען זיך אויך בעמערקט נאך אין א פאר „אנגעלעגענהייטען", נאר אין דער גרעסטער מאס בעת די „וויבארעס".

בכלל איז נישט דער אינהאלט פון דער אספה דער עיקר. דער עיקר איז די אספה אליין. אט דאס וואס מיר האבען אין ארץ-ישראל איין ארגאניזאציע, אין וועלכער ס'האבען אריין געטראטען פון אלע קלאסען יודען, וועלכע ס'געפינען זיך נאר אין ארץ-ישראל, — אט דער פאקט אליין אז די לעהרער אין ארץ-ישראל האבען זיך פאר־איינינגט אונ ארגאניזירט איז זעהר א וויכטיגער אונ מיט איהם הויבט זיך אן א נייע תקופה אין אונזער ארבייט אין ארץ-ישראל.

די ארגאניזאציע וועט צו ציהען די „אלערליי מינים יודען אין ארץ־ישראל“: אשכנזים, תימנים און ספרדים איינעם צום צווייטען, אנשטאט וואס ביז איצט זענען זיי געווען דערווייטערט איינער פונ'ם אנדערען און האבען נישט געהאט קיין שום מגע ומשא צווישען זיך. זיי האבען כמעט געלעבט ווי אבגעזונדערט, גלייך ווי זיי וואלטען געווען בעזונדערע פעלקער. דורך דער ארגאניזאציע וועלען זיי דער־נאהנט ווערען איינער צום צווייטען און וועלען זיך איינגעוואהנען שעצען און ליב האבען איינער דעם אנדערען און ארבייטען אינאיי־נעם פאר כלל זאכען.

אויך וועלען די ארץ־ישראל יודען, וואס דורך די פיעלע יאהרען פון „חלוקה“ און לעבען פון יענעמס רחמנות, האבען זיי אן געווארען די איינענע „אינציאטיווע“ און דעם זעלבסטשטענדיגען ווילען און ארבייט, זיך איינגעוואהנען צו געזעלשאפטליכען לעבען, וועלכעס וועט ביי זיי שאפען ענערגיע און אינציאטיווע. נאר נאך א גרעסערע ווירקונג וועט האבען די ארגאניזאציע אויף דעם נייעם וואק־סענדען דור אין פאלעסטינא. די ארגאניזאציע וועט פאר איהם זיין א שולע, אין וועלכער ער וועט זיך ענטוויקלען און לערנען זיך לעבען אלס מיטגלידער פונ'ם כלל און ארבייטען פאר זיך און פאר דעם כלל. דאס געזונטע און איינגעארדענטע לעבען פון דער ארגאניזאציע וועט ביי איהם פארמיאוס'ען דאס חלוקה־לעבען און שנארעריי, וועל־כע סמ'ען איוועק אלע אונזערע יונגע קרעפטען אין ארץ־ישראל.

די גרינדונג פון דער ארגאניזאציע אין ארץ־ישראל איז געוויס איינע פון גאר די וויכטיגסטע ערשיינונגען אין אונזער לעבען. און אויף אונז חובבי ציון איז א חוב קדוש זעהן ניט צו פיעל מזכה זיין איהר מיט אונזער אפוטרופסות, לאזען זי פריי ענטוויקלען ביז זי זאל אריין נעמען אין זיך אלע בעסטע כחות, וועלכע ס'געפינען זיך אין ארץ־ישראל. דאן וועט זי קאנען בעווייזען איהר ארבייט, וועלכע וועט אונז פארהיטען פון פיעל פעהלערען, וואס מיר מאכען אין אונזער ארבייט אין ארץ־ישראל, ווייל מיר ווייסען ניט די אינטערעסען פונ'ם ארט און ס'איז אונז פרעמד די לאגע, אין וועלכע מיר דארפען ארבייטען.

די ארגאניזאציע - פארשטעהט זיך, נישט נאך איצט, ווען זי איז נאך שוואך — דארף איבערנעמען צו זיך אלערליי ארטען אר־בייט אין פאלעסטינא, ווייל נאר זי קאן גענוי ויסען, וואס מען בע־דארף צו טון, און ווי אזוי צו טון.

א חוץ וואס אין אונזער ארבייט אליין אין ארץ־ישראל דארפען מיר מודה זיין אין דער אויטאריטעט פון ארץ־ישראל'שער ארגאניזא־ציע און רעכענען זיך מיט איהרע מיינונגען,—א חוץ דעם דארפען מיר נאך זעהן ווירקען אויף די איבריגע חברות, וועלכע זענען זיך עוסק מיט וואס ס'איז פאר איין ארבייט אין ארץ־ישראל, אז זיי זאלען זיך רעכענען שטענדיג מיט די בעמערקונגען און אנווייזונגען פון דער ארגאניזאציע. דענסטמאל וועט אונז די ארבייט אונזערע אין ארץ־ישראל קאסטען ווינציגער מיה און וועט האבען מעהר ערפאלג.

צ. שמואלזאן.

---

## די מזרח־אפריקאנישע פראגע.

א קארעספאנדענט פון דער ענגליש-יודישער צייטונג „דזואיש־קראניקל“ שרייבט וועגען דער מזרח־אפריקאנישער פראגע: דער פאר־שלאג פון דער ענגלישער רעגירונג צו די ציוניסטען, גיט דער ציוניס־טישער בעוועגונג זעהר א וויכטיגע ווענדונג. מען האט אפילו פריהער אויך די יודען גערופען זיך צו בעזעצען אין דעם אדער יענעם לאנד, אבער קיינמאל האט מען זיי נאך נישט אנגעבאטען איינע פון די שענסטע און בעסטע לענדער, וואו זיי אליין זאלען דארטען זיין די בעלי הבתים.

אמת אפריקא איז נאך נישט ציון, אבער עס גיט אונז דאס, נאך וואס דער ציוניזמוס שטרעבט און ווען די ציוניסטען נעמען דעם

---

# פעליעטאן.

## נאך דער חלוקה.

(א מעשה פון די רויטע יודלעך)

ארויסגעגעבען

פון

### שלום־עליכם.

(פארטזעצונג).

ב.

און נאט האט צוגעהערט צו אונזער געבעט און עס האט זיך געלאזט הערען, אז מע האט אראפגעשיקט פון אויבען מארגע נפשות, אזעלכע וואס מע האט זיי ביז אהער ניט געזעהן, עפים האלב מענ־שען האלב מלאכים. דאס הייסט, עסען עסען זיי ווי מענשען, נאר דאס אויסזעהן מיט'ן רעדען מיט'ן באנעמען זיך איז פון מלאכים. וואוהין זיי קומען אריין ווערד ליכטיג אין אלע ווינקעלעך, שלום ושלוה צווישען מענשען, אוים קריעג, אוים קנאה, אוים שנאה, און וואס זיי זאגען פאלגט מען זיי, און וואס זיי הייסען ווערד געטאן, און הייסען זיי, מע זאל צענויפטראגען דאס גאנצע געלד פון דער וועלט אויף איין ארט, גאלד באזונדער און זילבער באזונדער און מינץ בא־זונדער, קיינער זאל ניט לאזען ביי זיך קיין פרוטה של נחושת, און מערקווירדיג! קיינער האט ניט געזאגט קיין ווארט, ניט איבערגעקעהרט די צונג, און מע האט גענומען צענויפטראגען דאס פארמעגען, גאלד און זילבער און קופער, פערל און דימאנטען און בריליאנטען. און שא, שטיל, אהן רעש, אהן טומעל, אהן ווערטער. דריי טאג מיט דריי נעכט האט געדויערט דאס איינקאסירען פונ'ם געלד. מע האט אנגע־שאטען אזעלכע קופעס מיט געלד, אז ס'איז געווען א מורא צו קוקען, און מערקווירדיג! דאס געלד איז געלעגען פראנק און פריי, נישט איין שומר, נישט איין בלויזע שווערט. שטיל און רוהיג האט מען געטראגען דאס גוטס, גאלד באזונדער, זילבער באזונדער און מינץ באזונדער. און אויפ'ן פיערטען טאג אין דער פריה האט זיך אנגעחמארעט דער הימעל, באדעקט מיט שווערע שווארצע וואלקענס, און א פחד איז געפאלען אויף אלע מענשען. אסך זענען צוגעפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד, זיך געשלאגען אשמנו... און אסך זענען געשטאנען און גע־קוקט וואס וועט דא זיין? און פלוצלינג האט אויסגעבראכען א שרעק־ליכער דונער און א מורא'דיגער בליץ האט באלייכט דעם גאנצען הימעל פון איין עק ביז'ן אנדערען עק, און מיר האבען אלע דערזעהן א מוראדיגע טאבעלע פון פייערינע ציפערען אויפ'ן הימעל:

15,000,000,000,000 : 1,500,000,000 = 10,000

פארשלאג נישט אן, בעווייזען זיי דערמיט, אז זיי זענען נישט מעהר ווי פאנטאסטיש און בעלי חלומות, אמת אז מיט מזרח־אפריקא אליין וועט נאך די יודישע פראגע נישט געלעזט ווערען אין גאנצען, אבער עס וועט א סך העלפען עס אויפצולעזען.

די געגנערס פון דעם מזרח־אפריקאנישען פראיעקט זאגען, אז ווען מען וועט געבען די יודען איין אויטאנאמיע אין מזרח־אפריקא, וועלען די רוסישע און פוילישע יודען, וואס זיי נאטירליך וועלען זיין די ערשטע און מעהרסטע קאלאניסטען דארטען, מיטברענגען מיט זיך אלע זייערע חסרונות און וועלען זיך דארטען מאכען א נייע געהע־טא. אבער דאס איז דאך נישט געזאגט אויף מזרח־אפריקא אליין, אומעטום, וואו יודען פון רוסלאנד און רומעניע קומען, ברענגען זיי מיט זייערע חסרונות און מאכען זיך געהעטעס. אדרבא, דארטען וואו יודען וועלען קענען אויסמאכען די מעהרצאהל, וואו זיי וועלען נישט הייסען פרעמדע, וועלען זיי זיך בעסער קענען אבגעוואהנען פון זייערע חסרונות, וואס זיי האבען נאר דעם גלות־לעבען צו פערדאנקען. אויך טענה'ן א טייל געגנערס, אז די יודען קענען זיך נישט אליין רעגירען. אבער דאס איז נאר א טענה אויפ'ן פאפיער, דערווייל האט מען עס נאך נישט דערוויזען, אז עס איז אזוי. וואו האבען זיי זיך דען געקאנט אליין רעגירען, אין גלות? וואו זיי קענען נישט קיין פרייען שריט שטעלען? און ווידער וועלען דאך די יודען אין מזרח־אפריקא שטע־הען אונטער דעם ענגלישען שוץ, זיי וועלען דאך נאר זיין ענגלישער בירגער און אויף אלעם וועט די ענגלישע רעגירונג קאנטראלע מאכען און נאר אין אמונה און נאציאנאל־ענינים וועלען זיי זיין בעלי־הבתים פאר זיך.

די ווידער וואס פראטעסטירען געגען דעם, וואס ענגלאנד וויל אזא גוט לאנד אוועקגעבען יודען און בעהאלט עס נישט ליבערסט פאר איהרע אייגענע, זענען אויך נישט גערעכט. ענגלאנד גיט אוועק די יודען אזא לאנד, וואס ביז היינט האבען נאך די ענגלענדער נישט געוויזען, אז זיי האבען דארטען לוסט זיך צו בעזעצען, ווייל זיי איז אין דערהיים אויך גאנץ גוט, נאך וואס זאלען זיי געהן זוכען אין דער פרעמד גליק, אז זיי האבען עס אין דערהיים. יודען אבער וועלען גערן אין דעם לאנד רייזען, נאך גערנער ווי אין ארגענטינא און אין קאנאדא, ווייל דא בעקומען זיי איין אויטאנאמיע. קוים ווייסען די יודען, אז דארטען זענען זיי דאס רוב אנגעוויזען נאר אויף קאלאניזאציע וועלען זיי זיך סטארען צו זיין גוטע קאלאניסטען.

טייל ווידער שרעקען זיך, אז מען וועט נישט קענען איינארד־נען א מדינה, וואס זאל זיך קענען פיהרען לויט אלע דינים פון דער תורה און דעם תלמוד, דאס איז אבער אויך איין אומזיסטער שרעק, אדרבא, נאר אין אונזער אייגען לאנד וועלען מיר קענען פריי אבהי־טען אלע אונזערע דינים און מיר וועלען אונזערע שבתים און ימים טובים נישט דארפען מחלל זיין, ווי מיר זענען געצוואונגען צו טון אין גלות. נאטירליך, אזוינע חומרות, וואס וועט נישט לאזען די קאלאני־זאציע זיך ענטוויקלען, ווי שמיטה וכדומה וועט מוזען אבגעשאפט ווערען און דאס וועט אודאי געשעהן מיט א התר פון די גרעסטע רבנים.

---

# בריף פון ענגלאנד.

די אוגאנדא־פראגע, וואס האט נאך נישט לאנג אזוי שטארק אינטערעסירט די פרעסע און די עפענטליכע מיינונג איבערהויפט אין ענגלאנד, איז איצט גאנץ אראב פון דער ביהנע. ענגלאנד האט איצט צו טון מיט איהרע אייגענע אינטערעסען, און די דאזיגע אינטערעסען זענען זעהר וויכטיג. טשעמבערלען האט אוועק געלעגט זיין אמט, איין מיניסטער זאגט זיך אב נאך דעם אנדערען. די ליבעראלען רייסען זיך ארום מיט די קאנסערוואטיווע און אין דער פליט סטריט (די גאס, וואו עס געפינען זיך אלע רעדאקציעס פון די גרויסע צייטונגען) איז דער עולם שטארק פארנומען. נאר די קריסטליך־פראטעסטאנ־

---

און מיר האבען פארשטאנען, אז דאס איז דער אמתער חשבון, אז דאס איז די אמתע חלוקה, אז דאס מאכט צעהנטויזענט קארבען אויף א מענשען. און עס האט באלד א בלאז געטאן איין אנדער ווינטל און האט צעטריבען די חמארעס, און דער הימעל האט זיך אפגערייניגט און איז געווארען לויטער ווי קרישטאל, און די זון האט אראפגעקוקט און געשיינט ווי גין־גאלד, און די לופט איז געווארען פריש, און די ערד איז געווארען יום טוב'דיג, און די מענשען זענען געווארען אלע פריילעך און מונטער, די פנימער האבען געשיינט, ארימע לייט האבען זיך ארומגענומען און געקישט, און איטליכער איז זיך צוגעגאנגען איינ־ציגוויים צום גאלד, זיך אפגעצייהלט פונקט זיין חלק נאכ'ן צאהל פון זיין הויזגעזינד; א געזינדעל פון פיער פארשוין האט גענומען פערציג טויזענט קארבען, א געזינדעל פון אכט פארשוין האט גענומען אכציג טויזענט קארבען, איין מענטש אליין האט גענומען נאר צעהנטויזענט קארבען, און מערקווירדיג! קיינער האט נישט גענומען נישט מעהר נישט ווינציגער. און ביז אויף דער נאכט האט דער עולם צענומען דאס גאנצע געלד און מען איז זיך בשלום ושלוה צעגאנגען אהיים לעבעדיג, פריילעך, געזונגען ליעדער און געלויבט גאט פאר זיין עהרליכקייט און גערעכטיגקייט, פאר זיין גרויס געגאד און בארמהערציגקייט, וואס ער האט זיך סוף כל סוף ארומגעקוקט אויף די זינדיגע מענשען און אויסגעלייזט די וועלט פון גרויסע אומגליקען, וואס האבען געקאנט נישט זיין, דערלאזט, אז די ערד זאל חלילה חרוב ווערען איבער אזא נארישקייט ווי געלד... א גאנצע נאכט האט מען געהוליעט, כלי־זמר האבען געשפיעלט אין אלע הייזער, פלאקערס האבען געברענט אין אלע גאסען, ס'איז געווען ששון ושמחה, אור ליהודים!...

ג.

אויף מא־גען אין דער פריה—איך בין נאך געלעגען אין בעט — הער איך מיין ווייבס קול:

— וואו ביזט דו ערגעץ, מויד? טראג א־יין וואסער, הייץ איין אין אויווען, מויד!

נאר מויד היינט מויד מארגען, נישטא קיין מויד! וואו איז אהינגע־קומען די מויד? זי איז אוועקגעגאנגען נעכטען אויף דער נאכט און זי שוין מעהר צוריק נישט געקומען.

— א פאטשפאלנאסט פון א מויד! — זאגט מיין ווייב און פייערט מיט סכנת נפשות—אט וועסט דו זעהען, אז איך שאף זי אפ!... און אזוי ווי זי רעדט, קומט אן די מויד אנגעטאן שבת'דיג, מיט א היטעלי און מיט א זאנטיקל און קנאקט ניסלעך.

— א גוט יום טוב דיר — זאגט צו איהר מיין ווייב — וואס ביזט דו עפ'ס אזוי אויסגעפוצט, נשמה מיינע?

— איך בין געקומען אייך זאגען—מאכט צו איהר די מויד גאנץ אויפגעלעגט ווי א כלה—איהר זאלט זיך זוכען איין אנדער מענטשען.

— אזוי? וואס איז די מעשה?

טישע וואכען און מאנאטס-בלעטער, וואס פארנעמען זיך ווייניג מיט דער פראגע פון „פריי טרייד" (פריי האנדעל) אדער „פראטעקשען" (צאל-פרייהייט אדער צאל-איינפיהרונג פאר פראדוקטען, וואס קומען אריין פון אויסלאנד), בעשעפטיגען זיך נאך שטארק מיט דער פראגע, ווייזען אויף אוגאנדא אלס איין אצבע אלהים און בעווייזען מיט פסוקים, אז עס איז משיח'ס צייטען און די נביאות פון אונזערע אלטע נביאים וועגען קבוץ גליות וועט באלד מקוים ווערען. די ענגליש־יודישע פרעסע בעהאנדעלט נאך אויך פלייסיג די פראגע, ברענגט תמיד נוצליכע ידיעות איבער אוגאנדא און פיהרט א וכוח צווישען „יא" און „ניין". אז מען זאל אורטיילען נאך דער יודישער פרעסע קאן מען מערקען, ווי דער אוגאנדא־פראיעקט האט צוגעפיהרט די היגע יודען א שטיק נעהנטער צום ציוניזם, נאך מעהר ווי די ידיעות פון דער יודישער לאגע, וואס ווערד אלץ שרעקליכער.

אז טשעמבערלען'ס אטמאספערע זאל האבען א ווירקונג אויף די פארהאנדלונגען מיט דער רעגירונג וועגען אוגאנדא, איז ניט צו ערווארטען. אויף טשעמבערלען'ס ארט וועט בלי ספק קומען לארד מילנער, און לארד מילנער איז בעקאנט אלס איינער וואס סימפא־טיזירט זעהר שטארק מיט דעם ציוניזם נאך פון זיד־אפריקא, וואס ער האט פארוואלטעט. אלע געדענקען נאך, ווי ער האט אנערקענט הער גאלדרייך, דעם פרעזידענט פון דער זיד־אפריקאנער ציוניסטישער געזעלשאפט, פאר א קאנזול פון יודען, וואס מעג זיי ארויסגעבען „פערמיטס" (ערלויבנישען) אויף אריינצוקומען אין דאס לאנד, וואס איז געווארען אזוי שווער נאך דער מלחמה. לארד מילנער לאזט זיך נאך אפילו בעטען, אבער אלע ערווארטען, אז ער וועט אריין אין מיניסטעריום אויף טשעמבערלען'ס ארט. אויף יעדען אופן איז ניט צו ערווארטען קיין שום שנוי אין דער לאגע פון דעם פראיעקט. — ווי ערנסט ענגלאנד דענקט וועגען דעם, קאן מען זעהן פון דעם פאקט, אז די רעגירונג האט געגעבען דעם אויפטראג צו דעם בע־ריהמטען רייזע־ביורא פון קוק עט קאמפ. צו זארגען פאר די איינ־פיהרונג פון דירעקטע בילעטען פון לאנדאן קיין מאמבעזא, די אוגאנדא־ליניע און די וויקטאריא־ניאנזא אזערע ביז צו די דייטשע קאלאניעס אין מזרח־אפריקא. מען ערווארטעט בעשטימט, אז דער פארקעהר וועט איצט גרעסער ווערען אין יענע לענדער דורך די בעדייטונג וואס זיי האבען איצט בעקומען דורך די פארהאנדלונגען פון דעם מיניסטעריום מיט דער יודישער קאלאניאל־באנק.

בשעת לארד דעלמיר האט רעפעשירט פון מאמבעזא, אז די בעפעלקערונג פראטעסטירט שטארק געגען דעם פראיעקט און חברה האט אנגעהויבען ביי אונז שטארק שפיעלען זיך אין מרגלים, האט זאנגוויל אין זיין לעצטער רעדע אין לאנדאן ריכטיג בעמערקט, אז אין דעם גאנצען געגענד זענען קוים דא 500 ווייסע און לארד דעל־מיר וועט שווערע מיהע האבען אפילו א קליינע פראטעסט־אספה'לע צו מאכען. איצט אז די דארטיגע צייטונגען קומען דא אן, זעהט מען וואס מען קאן געבען אויף די פראטעסטען, וואס אונזערע ווייסע חברה האט דערפון געוואלט „מאכען אזא געריכט". פאר מיר ליגען 2 צייטונגען, דער „African Standard" און די „East Africa and Uganda Mail". די ערשטע ערשיינט אין מאמבעזא און שטעהט נאטירליך אונטער דעם איינפלוס פון לארד דעלמיר. זי קלאגט און סטראשעט; מען דערקענט אבער לייכט „פון וואנען דער העכט שטינקט". די צווייטע איז איין אמת אוגאנדא בלאט און שרייבט אזוי: „עס פרייט אונז זעהר צו הערען, אז דאס אסט־אפריקא פראָ־טעקטאראט האט זיינע פעלדער און לאנקעס געלאזען אפען פאר די פארפאלגטע יודען. ווי פרעה אין די אלטע צייטען, האבען די רו־מעניער בעוויזען זייער אדמיניסטראטיווע אונפעהיגקייט און זייער פינסטערקייט דורך זייער אכזר'דיגע בעהאנדלען דאס פאלק, וואס האט זיי זייט יאהר־הונדערטע אין האנדעל געשטעלט אויף די פיס. די יודען וועלען זיך פרייהען צו פארלאזען רומעניע, וואו זיי מוזען

---

— די מעשה ... מיר זענען שוין איצטער ברוך השם בעלי־בתים גלייך מיט אלעמען. מיר זענען קיין עין הרע ניין פארשוין, האט זיך אנגענומען אויף אונזער חלק ניינציג טויזענט קערבלעך.

— זיי זענען רייכער פון אונז—זאג איך צו מיין ווייב שטילער־הייד—און מיר שטעהען און קוקען איינם אויף דאס אנדערע אהן ווערטער.

— איך האב מורא, מיין ווייב, אז היינטיגס מאל וועסט דו מוזען פארקאטשען מחילה די ארבעל און זיך מטריח זיין אליין איינהייצען אין אויווען.

— א שיינע גדולה, אלע בייזע וויסטע חלומות!...

אז מיין ווייב הויבט אן בטל'ען חלומות געה איך דעמאלט אוועק פון דערהיים, אזוי בין איך מיך נוהג פון תמיד אן, און אזוי האב איך געטאן אויך איצט.

ארויסגעקומען אויף דער גאס—ס'איז שטיל, יום טוב'דיג! — אין מארק די קלייטען זענען אלע צו; מ'זעהט נישט א נפש. „דער עולם שלאפט נאך—טראכט איך מיר—רוהט זיך אויס נאכ'ן נעכטיגען טאג". איך הויב אויף די אויגען—נחמיה דער הינגענדיגער פאפיראסניק לויפט העגדום־פענדום, שפרינגט אונטער אויף איין פיסל, און איך דערמאן זיך, אז ס'איז מיר אויסגעגאנגען פאפיראסען.

— וואוהין איז, נחמיה? שטעה א ווייל!

— איך האב קיין צייט ניט! — מאכט ער — איך לויף אהיים.

— איין רגע! — זאג איך — איך וויל באשטעלען ביי דיר א טויזענט פאפיראסען!

— וואסערע פאפיראסען? — מאכט ער צו מיר—וואסערע לאקשען? מיין טאטע האט אוועקגעטראגען נאר וואס אין באנק אריין א פויטיקע, זאגט איהר מיר גאר פאפיראסען:

„א שיינעם קאן!" טראכט איך מיר. קיין מאל האט מיט מיר נחמיה אזוי ניט גערעדט".

— איך בעדארף אבער — זאג איך — פאפיראסען! חאטש א מאה פאפיראסען!

— מילא וואס איהר בעדארפט — מאכט ער צו מיר און אנט־לויפט מיט'ן קרומען פיסל און מיך לאזט ער איבער שטעהן ווי א נאר אין מיטען מארק.

„היינטיגס מאל וועל איך מוזען קויפען פארטיגע פאפיראסען" — טראכט איך מיר און לאז מיך געהן ווייטער און דערזעה חלאוונע דעם שוסטער שטעהט ביי דער טיר פון זיין שטיבל און עס וואלגע־רען זיך די בעבעכעס.

חלאוונע דער שוסטער איז א יוד מיט איין אויסגעפלעקט בערדל מיט א צונויפגעצויגענער נאז, וואס פייפט און מיט שווארצע גראבע פינגער.

וואוהין איז, רב חלאוונע?

— איך קלויב מיך אריבער אין איין אנדער דירה—זאגט ער צו מיר און די נאז פייפט—נענוג שוין צו זיצען דא אין עפוש. לאזען שוין

מאכען ציגעל חאטש מען גיט זיי ניט קיין שטרוי, אונ מזרח־אפריקא וועט פאר זיי זיין א צווייטע כנען, חאטש זיי וועלען דארט ניט געפינען די וויינטרויבען פון אשכול. מיר האפען, אז זיי וועלען אונז אויך ברענגען די ברכות, וואס זיי האבען געבראכט אין אנדערע לענדער; ווייל אומעטום וואו דער יוד שטעלט אוועק זיין פוס בענשט גאט דאס לאנד אונ הייבט זי אויף צו א גרויסער האנדעל־בעדייטונג. מיר וועלען זיך איצט טיילען אין דאס לאנד מיט די יודען, מיט דעם פאלק, וואס האט אונז געגעבען דעם תנ"ך אונ א גרויסארטיגע געשיכטע, וואס ערהייבט אונזערע געדאנקען אונ לעהרנט אונז צו האפען אפילו נאך דעם טוידט. מיר וועלען די אונטערדריקטע הערצליך אויפנעמען, ווייל מיר זענען זיכער, אז די יודען וועלען מיטברענגען די ברכות פון זייער תורה אונ אונזער שיין לאנד וועט אין גיכען געבענשט ווערען מיט אלעם גוטס". — לארד דעלמיר איז פון דער האנדעלס־געזעלשאפט אין נאמיראבי (א שטאדט ביי דער אוגאנדא־ליניע, וואס פון איהר הייבט זיך אן די געגענד וואס ענגלאנד וויל אונז געבען) געוועהלט געווארען אלס פרעזידענט. האפענטליך וועט ער דורך דעם ארויסשלאגען די עטליכע פונט הוצאות וואס ער האט געמאכט ביי זיין בעריהמטער דעפעשע. לארד דעלמיר איז דא בעקאנט אלס א מענש, וואס איז נעביך קיין אנדער זאך ניט אויסען.

דעם 9 נאוועמבער ענדיגט זיך דאס אמט־יאהר פון דעם לאנדאנער לארד־מער. פאר אייניגע טעג זענען געווען די וואהלען. היינטיגעס מאל איז געוועהלט געווארען א קריסט, אלדערמען ריטשי. אין זיין רעדע האט דער נייער לארד־מער ערקלערט, ווי אזוי עס איז אוממעגליך צו פיהרען דאס אמט נאך אזא גרויסארטיגער פיהרונג ווי דער פאריגער סער מארקוס סעמיועל האט "מיט דער פעהיגקייט פון זיין פאלק" געפיהרט. סער פרעדעריק דיקסען־הארטלענד מאכט אויפמערקזאם אויף די וויכטיגע פאליטישע געשעהענישען פון דעם פארגאנגענעם יאהר אונ ווי דער פריהערער לארד־מער האט פארשטאנען זיין שווערען אמט צו פיהרען אונ דאנקט איהם אין דעם נאמען פון אלע אלדערמענס. צולעצט האט גערעדט סער סעמיועל אונ בעדאנקט זיך פאר דעם כבוד אונ דעם פארטרויען, וואס מען האט געהאט צו איהם בשעת זיין אמטס־פיהרונג. "א לארד־מער מוז זעהר פארזיכטיג זיין ניט נאר אין דאס אליין וואס ער זאגט, נאר אין דאס וואס ער טוט. קיין שום זאך האט מיר ניט אזוי גליקליך געמאכט ווי דאס וואס איך ווייס, אז די פארם ווי אזוי איך האב אויסגעדריקט מיינע געפיהלען איבער די בעהאנדלונג פון מיינע ברידער אין רומעניע, איז געווען אונטערשטיצט אונ געפעלען פון אלע מיינע מיטבירגער".

צום גובערנאטאר פון האנג־קאנג (א וויכטיגע ענגלישע קאלאניע ביי חינא) איז געוועהלט געווארען א יוד, סער מתתיה נתן. ער איז דער ערשטער יוד, וואס האט אזא וויכטיגע שטעלע אין דעם קאלאניאלען מיניסטעריום. סער נתן האט געענדיגט די קריגס־אקאדעמיע אין וואוליטש מיט אויסצייכנונג אונ האט געדיענט אין דעם זשעניע אונ קאלאניען־מיליטער, אונ איז זעהר שנעל געשטיגען העכער פון איין אמט צו דעם אנדערען. ער האט א צייט לאנג פארוואלטעט סיעראלעאנע אונ האט ענגלאנד געבראכט זעהר גרויסע נוצען. ער האט אויך גענומען א גרויסען אנטייל אין די בעריהמטע עקספעדיציעס פון דעם נילוס (1885) אונ לאשאי (1889). נתן געהערט אויך צו די בעסטע קענערס פון מזרח אונ מערב־אפריקא. ער איז אויך א מיטגליד פון דער "אגודת אחים".

די טעג איז ערשיענען א בוך פון מאיאר עוואנס־גארדאן מיט דעם נאמען The Alien Immigrant (דער פרעמדער איינוואנדערער). עוואנס־גארדאן איז בעקאנט אלס איינער פון די הויפט־פערזאנען פון דער פרעמדען־קאמיסיאן, וואס איז געגען די איינוואנדערונג פון פרעמדע יודען קיין ענגלאנד. ווי ווייט דער נאמען "עליען" (פרעמדער) איז א כסות עינים פאר דעם נאמען "יוד", וואס מע שעמט זיך ארויסצורעדען, כדי מען זאל ניט חושד זיין אין אנטיסעמיטיזם, האט

---

אנדערע אביסל פארזוכען די וואנצען, איך קאן מיר שוין היינט מיט גאטס הילף פארגינען א שענערע דירה.

— גוט וואס כ'האב אייך דערזעהן, רב חלאוונע, איך דארף טאקי האבען א פאר נייע שטיוועל, איהר וועט זיך טאקי מטריח זיין אט באלד אראפנעמען מיר א מאס אויף א פאר שטיוועל.

— שטיוועל? — מאכט צו מיר חלאוונע מיט א פייף — לאזען אייך שוין אנדערע נייען שטיוועל, מיט זעכציג טויזענט קארבען קיין עין הרע וועל איך מיר געפינען איין אנדער פרנסה מן הסתם. ווי מיינט איהר? הא?

דער געדאנק אז חלאוונע דער שוסטער איז א יוד פון זעכציג טויזענט קארבען געפעלט מיר זייער, אז איך צעלאך מיך אונ טראכט מיר, אז איך וועל שוין מוזען קויפען זיך גרייטע שטיוועל אין קלייט, אונ איך לאז מיך געהן ווייטער אונ באגעגען אליק דעם שניידער מיט א שבת'דיגער קאפאטע אונ מיט א שפאגעל נייעם קאשקעט אויפ'ן קאפ אויסגעצוינען ווי א סטרונע אונ די קאסאקע אויגען זיינע קוקען אויף מיר אונ שמייכלען.

— גוט — זאג איך — וואס איך האב דיך דערזעהן, אליק!

— וואס איז אזוי דאס נוטסקייט? — מאכט ער צו מיר מיט א שמייכעל פון איין עזות פנים.

— איך האב דיך געוואלט בעטען זאלסט מוחל זיין אריינקומען היינט צו מיר נאכ'ן עסען.

— וואס וועל איך ביי אייך טון נאכ'ן עסען א שטיינער כדומה למשל? — מאכט ער צו מיר אלץ מיט יענעם עזות־פנים־שמייכעל.

— וואס הייסט — זאג איך — וואס וועסט ביי מיר טון? איך וויל מיר באשטעלען א נייעם גארניטער, דאס הייסט צוויי נייע גארניטערס וויל איך מיר לאזען מאכען: איינעם פון טריקא, אביסל א ווארעמערען אונ דעם אנדערען א גרינגען פון ווילוועט אויף די הייסע טעג.

— נו, וואס זשע נעהר זיך דאס אן — זאגט ער — מיט מיר?

נבהל ונשתומם בין איך געווארען פון אזא מין ענפער, אונ האב קיין ווארט נישט געקאנט מעהר ארויסלאזען, ער האט אפנים פארשטאנען, אז איך בין איבערראשט, מאכט ער צו מיר ווי א רעכטער עזות פנים:

— וואס זענט איהר אזוי אין גרימצארען? איך בין שוין היינט מיט גאט'ס הילף אויס שניידער, א בעל־הבית גלייך מיט אייך. איך פארמאג היינט פופציג טויזענט קארבונים, איהר פארשטעהט צי ניין? נון אלף רו"ב!

אונ ער טוט זיך א פאטש מיט דער האנט איבער דער זייט קעשעני אונ א קנאק מיט'ן פינגער.

— א פאלגע בלייבט א פאלגע! — זאג איך אונ לאז מיך געהן אין מארק אריין צווישען די קרייטען — ווער? וואס? נישטא א הונט! פארשלאסען טיר אונ טויער, זעלטען—זעלטען זעהט מען לויפען עמיצען פארביי שטארק פארטראסקעט, איטליכער איז פארטראגען מיט זיך, האט

מען געקאנט בעמערקען בשעת די זיצונגען פון דער קאמיסיע. וואו מען האט נאר גערעדט פון יודען, אונ די דייטשען, איטאליענער, פראנצויזען (וואס פאלען ווירקליך צו לאסט, ווי מען זעהט ארויס פון דער אפיציעלער סטאטיסטיק, וואס איז ארויס אין יולי היינטיגעס יאהר) האט מען אפילו ניט דערמאנט. דאסזעלבע קאן מען אויך זעהן פון גארדאנ'ס בוך. פון די 16 קאפיטלען זענען 15 געווידמעט צו יודען, אונ נאר דאס זעכצעהנטע הייסט Other Aliens (אנדערע פרעמדע). דאס בוך האט 2 טיילע: The Alien in England (דער פרעמדער אין ענגלאנד), וואו ער בעשרייבט דאס לעבען פון אונזערע אויסלענדישע ברידער אין ענגלאנד בפרט אין לאנדאן אונ זאמעלט צו גבית עדות (מייסטענס די שלעכטע), וואס יודען אונ קריסטען האבען געגעבען פאר דער קעניגליכער קאמיסיע אונ מאכט זיינע פירושים דערצו, אונ The Alien af Home (דער פרעמדער אין דער היים), ווי ער בעשרייבט דאס לעבען פון אונזערע ברידער אין רוסלאנד אונ גאליציע, וואס ער האט פאר א יאהרען, ווי בעקאנט, בערייזט. מאיאר גארדאן סטארעט זיך אפילו שטארק צו ווייזען זיך אונפארטייאיש אונ שווערט מיט אלע שבועות אין דער הקדמה, אז ער איז חס וחלילה קיין אנטיסעמיט ניט, ווארום והא ראיה, אז די רייכע ענגלישע יודען האט ער ליב, דאך איז גאר ניט שווער צו דערקענען לעזענדיג זיין בוך מיט וועלכער חברה ער געהט האנט אין האנט. ווי עס ווייזט אויס גאך די גבית עדות, וועלען די אנטיסעמיטען דא אויספירען אונ מען וועט געוויסע בעשרענקונגען איינפיהרען. ווייל צו מאכען אין גאנצען וועט מען ניט קאנען. אונ א סך שולדיג וועלען אין דעם זיין אונזערע אפיטראפסים, די „יודישע ענגלענדער“.

דער פאגראם אין מערטיר וואס איך האב וועגען איהם מודיע געוועזען אין מיין פריהערען בריף, איז דא ניט געבליבען קיין בן יחיד. דעם צווייטען אבענד פון ראש השנה האבען זיך מאסען קריסטליכע ארבייטער אויפגעקליבען אין פאנטיפריד (אין דעמזעלבען קוילענבעצירק ווי מערטיר), אונ האבען גענומען בעליידיגען די יודען. צום גליק איז באלד געקומען די פאליציי אונ האט דעם עולם צעטריבען אונ ניט געלאזט די זאך ווערען איין ערנסט ווי אין אנדערע „ציוויליזירטע“ לענדער. די סבה דערפון איז געוועזען וואס א קריסטליכע מיידל, וואס דיענט דארט ביי א יודען האט דערציילט, אז די יודען האבען איהר פארשלעפט אין שוהל אריין אונ האבען איהר געשטאכען מיט נאדלען אונ פארוואונדעט. פאר דער פאליציי האט זי זיך מודה געוועזען, אז עס איז א ליגען אונ אז זי האט נאר חוזק געמאכט.

יום כפור איז דא אריבער בשלום. יודען האבען געפאסט אונ געשלאגען על חטא; ראטשילד איז געגאנגען דאווענען אין דער דיוקס פלייס'ער שוהל, האט א פיינע עליה בעקומען אונ אויך א שיינעם נדר געגעבען, אונ אז ער איז ארויסגעגאנגען ביי טאג חאפען א ביסל פרישע לופט זענען איהם ווי געוואהנליך הונדערטער יודען נאכגעגאנגען. אין דער רעפארם-שוהל איז א פרעדיגער, מיר ניט דיר ניט משוגע געווארען אונ אנשטאט צו רעדען וועגען אמונה אונ מוסר היהדות האט ער גאר אוועקגעלעגט א ווארעמע ציוניסטישע דרשה. אונ קלאר מאנטעפיארע איז געביך געזעסען איינגעוויקעלט אין זיין קורצענקען טלית'ל אונ האט דאס געמוזט צוהערען.

י. מ. הלוי זאלקינד.

---

# פאליטישע ענינים.

(רוסלאנד אונ יאפאניע. — רוסלאנד אין מאנדזשוריע. — יאפאניע אין קארעא — איטאליע איז אומצופרידען).

די איירָאפּייאישע צייטונגען, האבען זיך די לעצטע צייט שטארק גענומען צו דערווייזען אין זייערע בלעטער, אז סוף כל סוף מוז ארויסקומען א מלחמה צווישען רוסלאנד מיט יאפאניע. אבער נישט אלע מאל ווערד זייערע נביאות מקוים אונ נאך ווייניגער, דארף מען רעכענען, וועט עס היינטיגעס מאל מקוים ווערען. די איירָאפּייאישע צייי-

---

נישט אין זינען קיינעם, ענפערט אפילו נישט אויף קיין גוט מארגען. פלוצלינג טוט מיר עמיצער א זעץ אין פלייצע, איך דרעה מיך אוים צוריק—רב מאיר בעל מח!

— נו? — מאכט ער צו מיר — וואס האט איהר געפועלט?

— דאנקען גאט! — זאג איך — אוים ארימע לייט, אוים נגידים, היינט זענען ברוך השם אלע גלייך.

— א גדולה אויף דער באבע! — מאכט ער צו מיר אונ קוקט מיר מאדנע אין די אויגען אריין.

רב מאיר בעל מח איז א יוד איין אלטער מיט א גרויסער גרויער בארד אונ מיט א הויכען שטערען אונ מע האלט איהם ביי אונז פאר א פלאטשיקען, דאס הייסט, אביסל ניט איבערגעשפיצט, אונ דערפאר רופען מיר איהם ביי אונז בלשון סגי נהיר „בעל מח“, אונ דערצו האלט ער זיך טאקי פאר א גאנצען חקרן, א פילאזאף. ער איז איין מענש אליין, איין אלמן, אהן קינדער, אונ מע שאצט איהם פאר א גרויסען עושר, אריבער שי"ן אלפים. אצינד, נאך דער חלוקה, אז ס'האט זיך אנגענומען אויף זיין חלק סך הכל צעהן—טויזענט, קומט אוים, אז ער האט קיין גוט געשעפט ניט געמאכט, אונ דאס געפעלט מיר דוקא זעהר אונ איך באגעגען איהם מיט א שמייכעלי.

— איא — מאכט ער צו מיר אונ ווישט זיך דעם שוויים — איהר קוועלט, איהר זענט ברוך השם אצינד אלע נגידים אונ ס'איז אייך גוט ווי די וועלט? זאג איך אייך, הערט איהר, אז איהר זענט אלע אויף צרות!

— אויף צרות? — זאג איך—וואס איז די מעשה?

— די מעשה איז, וואס איהר זענט בהמות, איהר הויבט נישט אן צו פארשטעהן, וואס מ'ט אייך טוט זיך!

— נאר איהר איינער—זאג איך—זענט א חכם; ניט אומזיסט רופט מען אייך ביי אונז „בעל מח“.

— איהר מעגט מיך—זאגט ער—רופען ווי איהר ווילט אייך, נאר איך זאג אייך, אז איהר זענט בהמות! פערד! קעלבלעך!

דאס האט מיך שוין רעכט פארדראסען—א „בעל מח“ זאל זיך אוועקשטעלען זידלען, אנרופען א גאנצע וועלט מיט'ן נאמען בהמות אונ פערד אונ קעלבלעך! אונ איך צעלאך מיך גלייך איהם אין פנים אריין אונ געה אוועק פון איהם.

— פרייד'ט זיך, פרייד'ט זיך—שרייט ער מיר נאך—איהר וועט חרטה האבען! עס וועט אייך אויספאלען באקאם!

„אלטער נאר! — טראכט איך מיר — איך ווייס וואס אייך ברענט! ס'ע פארדריסט אייך, וואס איך בין היינט רייכער פון אייך! איהר זענט נישט איינער, פארהאן אסך ביי אונז אזעלכע נגידים ווי איהר, וואס האבען געמיינט, אז נאר זיי קומט, אז נאר זיי בעדארפען האבען געלד. איין עק, אוים נגידים, אוים ארימע לייט, אוים מיוחסים!“

איך קעהר מיך אים אונ געה אהיים.

(פארטזעצונג קומט).

טונגען ווייזען אן אויף צוויי פראגען, וואס קאנען זיין סבות צו א מלחמה. די פראגע פון מאנדזשוריע און קארעא. די פראגע פון מאנדזשוריע, וואו רוסלאנד האלט נאך אלץ איהרע סאלדאטען, חאטש עס איז שוין פארביי די צייט, וואס רוסלאנד האט געדארפט איהר חיל פון דארטען ארויסנעמען; אבער דאס געהער זיך מיט יאפאניע גאר נישט אן, רוסלאנד האלט דעריבער איהר חיל דארטען, ווייל די חינעזישע רעגירונג האט נאך נישט געטאן אלץ ווי עס איז בעשלאסען געווארען נאך דער לעצטער מלחמה מיט חינא. רוסלאנד האט אין מאנדזשוריע געבויט באהנען און האט דארטען פיעל אינטערעסען און ווי לאנג חינא האט נישט מקיים געוועזן, וואס זי האט צוגעזאגט, מוז רוסלאנד האלטען דארטען איהר חיל, כדי עס זאלען ווידער קיין אונרוהען ניט געשעהן און יאפאניע אינטערעסירט די דאזיגע פראגע כמעט גאר נישט. וויכטיגער איז די פראגע פון קארעא, וועלכע ליגט צווישען חינא און יאפאניע. נאך די מלחמה, וואס איז געוועזען צווישען יאפאניע און חינא אין יאהר 1896, האט רוסלאנד מיט יאפאניע געשלאסען א פערטראג, לויט וועלכע קארעא שטעהט אונטער זייערע ביידענס שוץ.

יאפאניע אבער, ווי מען זעהט ארויס, בעטראכט קארעא, פאר א טייל פון איהר לאנד. די יאפאניער עמיגרירען אין א גרויסע צאהל אין קארעא, די יאפאנישע רעגירונג האלט דארט איהר חיל, בויט דארטען באהנען און טעלעגראפען און פיהרט דארטען איין ארדענונג ווי אין איין אייגען לאנד. יאפאניע בענוצט זיך דערמיט וואס רוסלאנד איז איצט פארטאן מיט מאנדזשוריע און וויל דערווייל דאס דרומדיגע קארעא אין גאנצען צונעמען פאר זיך. עס פארשטעהט זיך, אז לויט דעם פערטראג פון 1896 האט יאפאניע נישט דאס רעכט דערצו, נאר ווייל יאפאניע האט זעהר וועניג ערד און די בעפעלקערונג פון יאפאניע ווערד אלץ גרעסער און גרעסער, וואלט פאר איהר זעהר געלוינט צוצונעמען דרום־קארעא פאר זיך און דעריבער בעזעצט יאפאניע דארטען איהרע עמיגראנטען און זאמעלט דארטען איהר חיל צו זיכערען איהר לאגע דארטען. עס איז נישט דא וואס מורא צו האבען, אז איבער קארעא וועט ארויסברעכען א מלחמה צווישען רוסלאנד און יאפאניע, עס קאן נאר ברענגען דערצו, אז רוסלאנד זאל שליסען א נייעם פערטראג מיט יאפאניע, וואס וועט נאך פארשטארקען דעם שלום און די פריינדשאפט צווישען די ביידע פעלקער.

די ידיעה, אז דער רוסישער קייזער האט אבגעלעגט זיין רייזע נאך איטאליע, וועט אויך נישט פיהרען צו קיין פיינדשאפט צווישען די ביידע פעלקער. דער רוסישער קייזער, וועלכער איז גרייט געוועזען אבצוגעבען דעם איטאליענישען קעניג וויקטאר עמנואל א געגען־וויזיט, איז נאך איצט אויך זעהר פריינדליך געזונען צום איטאליענישען קעניג און פאלק. שולדיג איז אין דעם די איטאליענישע רעגירונג אליין, וואס האט נישט בעצייטענס געזארגט, אז די דארטיגע סאציאליסטען זאלען נישט קאנען זיך פארבערייטען, צו מאכען דעמאנסטראציעס אין דער צייט ווען דער רוסישער קייזער וועט דארטען זיין. דאס ווייסט דאס איטאליענישע פאלק און דעריבער דריקען זיי אויס זייער אומצופרידענהייט געגען דער איטאליענישער רעגירונג. דאס איטאליענישע פאלק ווייסט דאס גרויסע נוצען, וואס איטאליע וואלט פון דעם דאזיגען בעזוך געהאט, אז דורך דעם וואלט איטאליע זיך געקאנט פאראייניגען אין דעם בונד, וואס איז געשלאסען צווישען פראנקרייך און רוסלאנד, אז דאס וואלט פארבעסערט די פינאנס־לאגע אין לאנד און וואלט אויסגעגלייכט די סכסוכים וועגען דאס מיליטער, פון וועלכע איטאליע ליידט אזוי שטארק זייט זי וויל נאכטאנצען דייטשלאנד. דאס ווייסען שוין אפילו א סך אנפיהרער פון די סאציאליסטען און האבען שוין שטארק חרטה, אבער צו שפעט. דער רוסישער קייזער האט זיין רייזע אין איטאליע דערווייל אבגעלעגט נאר מחמת די סאציאליסטען האבען זיך צוגעגרייט צו מאכען מאניפעסטאציעס, אבער די פריינדשאפט צווישען די מאנארכען און צווישען די ביידע פעלקער וועט צוליב דעם נישט פארשטערט ווערען, דען דאס פאלק און דער קעניג זענען אויך זעהר אומצופרידען מיט דעם בענעמען פון די איטאליענישע סאציאליסטען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— די לעצטע ידיעות פון דעם אינזעל מארטיניקא, וואס איז מיט אנדערהאלבען יאהר צוריק כמעט אין גאנצען חרוב געווארען דורך די וואולקאנען, מעלדען, אז די וואולקאנען זענען ווידער אויםגעבראכען און די ערד האט אנגעהויבען ציטערען און די דארטיגע איינוואהנער לעבען אין טויט־שרעק.

— פון קאנסטאנטינאפאל שרייבט מען, אז מען האט אין אילדיז־קיאסק (דער פאלאץ וואו דער סולטאן וואהנט) ענטדעקט א פארשווערונג אויף דעם סולטאנס לעבען, און מען האט ארעסטירט 20 אפיצירען, זיי פארשיקט אויף קאטארגע און אונטערוועגס האט מען זיי געהרג'עט.

— דעם 15 אקטאבער איז דער איטאליענישער קעניג וויקטאר עמנואל מיט זיין פרוי העלענע אנגעקומען אין פאריז, אז זיי זענען ארויס פון וואגאן האט זיי דער פרעזידענט לובע בעגעגנט, איז געפאלען דעם קעניג אין די ארעמס און ביידע האבען זיך געקושט. 5 דעם זייגער נאכמיטאג האט דער קעניג מיט די קעניגין בעזוכט דעם פרעזידענט לובע אין דעם עליזייאישען פאלאץ.

— דער רוסישער געזאנדטער אין ראם, גענעראל אדיוטאנט פירסט דאלגארוקי, האט איבערגעגעבען דעם איטאליענישען קעניג א בריף, וואס דער רוסישער קייזער האט געשריבען, אז ער בעדויערט, וואס ער האט געמוזט זיין רייזע נאך איטאליע אבלעגען.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. בשעת דער טאווארישטש־מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג איז געוועזען אין אדעסא, האט ער צוגעזאגט, אז ער וועט זיך בעמיהען, אז מען זאל אננעמען אין די דארטיגע גימנאזיעס א גרעסערע צאהל יודישע שילער, וואס האבען דערלאנגט דערויף בקשות. אויך האט ער זיי מודיע געוועזען, אז מען וועט מעהר יודען אננעמען אין אדעסער אוניווערזיטעט.

— דער ד"ר א. קאמינקא, דער סעקרעטער פון דער וויענער "אליאנץ" איז מודיע, אז די "אליאנץ" האט געשיקט 5000 רובעל דער חברה צו שטיצען יודישע ארימע לייט אין האמעל.

— אין דעם אנטיסעמיטישען בלאט "בעסאראבעץ" איז געווען אבגעדרוקט אין דעם נומער 241 פון זיינעם א מיטארבייטער די דאזיגע קארעספאנדענציע: דורכגעהענדיג דורך ד"ר אלעקסאנדער־גאס אין קישינוב האב איך געהערט א גוואלד, איך בין צוגעגאנגען און האב געזעהן א קריסטליך יונגל פון 15 יאהר ליגענדיג מיט א צע־

שפאלטענעם קאפ אין א שטראם בלוט, וואס לויט די עדות פון א קרעמערקע, וואס איז דערביי געשטאנען, האט איהם א יודיש יונגל אריינגעווארפען א שטיין אין קאפ און איז אנטלאפען. — דערויף האט אין א וואך ארום דער קישינובער פאליצמייסטער אבגעדרוקט אין דער איינענער צייטונג די געשיכטע מיט איין אנדער נוסח: פון די חקירה ודרישה, וואס איז געמאכט געווארען וועגען דעם פארוואונדעטען יונגל, האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז נישט קיין קריסטליך יונגל נאר א יודישער, א בעוואוסטער גנב חיים שמואלביק. פארוואונדעט האט איהם זיינם א חבר ביים צעטיילען זיך א גנבה. אט אזוי זוכט דער „בעסעראבעץ" מיט אלע מיטלען צו מאכען א שנאה צווישען איין פאלק און דעם אנדערען.

— דעם 25 און 26־טען סעפטעמבער האט מען אין ווילנער סודעבנע פאלאטע געמשפט 11 יודען דערפאר וואס זיי האבען געשטערט די פאליציי צו ארעסטירען איינינע בעשולדיגטע.

דער בעשולדיגונגס־אקט בעשטעהט אין דעם: אין פינסק האט דעם 5־טען אפריל ביי נאכט (הײנטיגס יאהר) דער הינער פריסטאוו געמאכט איין „אביסק" ביי 4 הינע יודען, ווייל מען האט זיי חושד געוועזען אין פאליטישע פארברעכען. ווען מען האט זיי ארעסטירט האט מען זיי אבגעשיקט אין פאליציי. אויף דעם צווייטען טאג האט א גרויסער עולם יודען ארומגערינגעלט דאס הויז פון דער פאליציי, וואו די 4 יודען זענען געוועזען ארעסטירט. דער עולם האט אוועקגעטריבען די צוויי שומרים, וואס האבען געהיט די יודען און בעפרייט די 4 יודען. די שומרים זענען נאכגעלאפען די בעפרייטע יודען, נאר דער עולם האט אויף זיי געווארפען שטיינער, שטעקענס און שטיקער אייזענס. אויך האט מען פון דעם עולם אויף די שומרים געשאסען. עס איז געווארען א גרויס געשלעג און פון ביידע צדדים האט מען געשאסען, דערביי איז פארוואונדעט געווארען די פרוי שיינדל קארוש, וועלכע האט זיך אויך געפונען צווישען עולם. דער עולם איז זיך צעלאפען און מען האט קיינעם נית ארעסטירט. דערנאך האט מען ארעסטירט 23 יודען, פון וועלכע מען האט 11 איבערגעגעבען אין געריכט, וואו מען האט זיי בעשולדיגט אין דעם, אז זיי האבען געשטערט די פאליציי ארעסטירען בעשולדיגטע. דאס געריכט האט ארויסגעגעבען דעם דאזיגען פסק: משה שערמאן, סענדער קושניר און שיינדל קארוש — צונעמען ביי זיי אלע רעכטע און די ערשטע צוויי צו ארעסטאנסקע ראטע אויף 1½ יאהר און די לעצטע אין טורמע אויף איין יאהר. אהרן הוכמאן, י. פעגין און יענקל גאלדבערג אויף 8 חדשים טורמע און די איבעריגע פינף יודען האט מען בעפרייט.

**דייטשלאנד.** אין שלאחוי (פרייסען) זענען בעפאלען איינינע קריסטען אויף א יודישען זעצער לעווי אוים ווארשא און האבען איהם געשלאגען ביז צום טויט. די מערדער זענען איהם בעפאלען זיצענדיג אין א שענק און האבען איהם געפרעגט, ער זאל זיי זאגען דעם אמת וועגען דעם דערמארדעטען סטודענט ווינטער. דער זעצער, וואס האט אפילו נישט געהערט דעם נאמען ווינטער, האט נאטירליך נישט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. דערנאך האבען זיי פארלאנגט, ער זאל זיי זאגען, אז יודען דארפען האבען קריסטליך בלוט און אז ער האט דערצו נישט איינגעשטימט האבען זיי איהם געצוואונגען, ער זאל בעטען א קריסטליך געבעט, וואס ער האט, פארשטעהט זיך נישט געקאנט, דורך דעם זענען איהם די קריסטען בעפאלען און האבען איהם געוואלט שלאגען, ער איז אנטלאפען אויפ'ן הויף און זיך בעהאלטען אין א שטאל וואו זיי האבען איהם געפונען און ביז צום טויט געשלאגען.

**פראנקרייך.** דער פראנצויזישער שריפטשטעלער מאריס־לעבלאנד שרייבט אין דאס „בלאט" "L'aurore", אז די פראנצויזען דארפען נעמען אויף זיך די אינציאטיווא, צו מאכען א יודישע מדינה, און זאגט אז מען דארף יודען אוועקנעמען מאדאגאסקאר.

**ארץ ישראל.** נישט לאנג האט ה' אוסישקין געקויפט א שטיק ערד פון 5000 דונאם ביי דער קאלאניע קוסטינא. די ערד, ווי מען זאגט, איז זעהר גוט. די גאנצע ערד איז גוט צום זייען תבואה. 1,500 דונאם מיינט ה' אוסישקין צו פארקויפען די קאלאניסטען פון קוסטינא, ווייל זיי פעהלט ערד, און 3500 דונאם וועלען בלייבען פאר דער חברה „גאולה".

— נישט לאנג איז געוועזען די ערשטע אספה פון די ארבייטער מורשים אין דער קאלאניע פתח־תקוה.

— ח' תשרי האט זיך אין יפו געעפענט א לייה־קאסע פאר בעלי מלאכות און קליין־הענדלער. אין דער דאזיגער קאסע נעמען איין אנטייל די ענגלישע פאלעסטינא באנק און די חובבי ציון. יעדער בעל מלאכה און קליין הענדלער, וואס וויל נעמען איין אנטייל אין דעם, דארף אריין ברענגען אין דער קאסע נישט ווענינער פון 20 פראנק.

— ענדע אלול איז געוועזען די ערשטע אספה פון דעם גרויסען ועד הפועל אין יפו, אויף וועלכע עם איז, ווי מען רעדט, בעשלאסען געווארען, מען זאל די שולע פאר מיידלעך אונטערשטיצען מיט נאך 7600 פראנק א יאהר און מחמת דעם וועט מען מוזען פארקלענערען די שטיצע אין די איבעריגע שולען אין דער קאלאניע.

— אין דער קאלאניע זכרון־יעקב האט מען לכבוד דעם ארץ ישראל קאנגרעס געמאכט איין אייביגען אנדענקען דערמיט, וואס מען האט איין גאס א נאמען געגעבען „רחוב הכנסיה" און די גאס וואו אוסישקין האט קוואטירט „רחוב אוסישקין".

**אמעריקא.** פון ניו־יארק שרייבט מען, אז ענדע אלול האט דער פרעזידענט רוזוועלט בעזוכט עלים איילאנד, וואו די אמעריקאנער פאליציי אונטערזוכט די עמיגראנטען און איהם איז די שטרענגע אויפפיהרונג פון דער פאליציי שטארק נישט געפעלען געווארען. אז ער איז געוועזען אין דער אבטיילונג, וואו מען פרעגט אוים די עמיגראנטען, האט ער מיט א קאפ־שאקלען אויסגעדרוקט זיין אומצופרידענהייט דערויף. דער בעאמטע וויליאמס האט דערויף אויפמערקזאם געמאכט, אז אזוי הייסט דאס געזעץ, — אויב אזוי — האט זיך אנגערופען איינער פון דעם פרעזידענטס בעגלייטער, — קען מען לויט אזוינע געזעצע צוריק שיקען אונזער פריינד יעקב ריס. (אויך איינער פון דעם פרעזידענטס בעגלייטערס). בשעת ער האט בעזוכט דאס צימער, וואו עם געפינען זיך די עמיגראנטען, וואס ווייסען נאך נישט, צי מען וועט זיי אריינלאזען אדער נישט, איז איהם געפאלען צו די פים א יודישע פרוי חיה לעווין מיט איהרע 4 קינדער אוים ווילנא, זי איז דא געקומען מיט איהר מאן און מיט נאך איין עלטערען זוהן, וואס מען האט בעשטימט צוריק צו שיקען, נאר זיי איז געראטען צו אנטלויפען, זי האט זיך געווענדט מיט א בקשה קיין וואשינגטאן און האט נאך קיין ענפער נישט באקומען. דער פרעזידענט האט איהר אויסגעהערט און האט איהר געהייסען אריינלאזען אין לאנד. דער פרעזידענט האט געזעצט א קאמיסיע, וואס זאל קאנטראלירען אלע קלאגעס אויף דער פאליציי, אויך צו קאנטראלירען די געזעצע וועגען עמיגראנטען.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— ווי די „אדעסקי נאוואסטי" שרייבט וועט אין קורצען דער „ציוניסטישער אקציאנס קאמיטעט זיך צוזאמענפאהרען אין פעטערסבורג, דער אדעסער מורשה ד״ר ב' סאפיר פאהרט אויך באלד אין פעטערסבורג, דארט וועט אויך קומען, מסתמא, דער ד״ר הערצל.

# די צוויי ברידערלעך.

(ערצעהלונג).

(ענדע).

— נעה, נעה, משוגענער! האט יעקעלע איבערגעשלאגען, אז מען שטארבט, זאגט מען דאך אן...

— אפשר האט מען אנגעזאגט און דער בעל-עגלה גיט אונז ניט איבער...

— אי געגוג צו פלוידערן! האט שוין יענקעלע זיך צעבייזערט אויפ'ן אמת...

— שא, נארעלע איך לאך דאס! האט בערל — איהם בערוהיגט — אלע לעבען...

יענקעלע איז פרייליך געווארען און האט פלוצים א שפרונג געטאן אין דער הויך און מיט לוסטיגע אויגעלעך אויסגעשריגען:

— בערל! פאלגט מיר לאמיר שרייבען גאר אויף פאסט א בריפעל א היים.

— ביזט גערעכט! האט בערל איינגעשטימט — איך האב אבער קיין געלד ניט.

— איך האב א פיערעל, מיר איז געבליבען פון נעכטיגען צעהנערל. אויף מיין „דאנערשטאג" גיט מען דאך מיר, ווייסט דאך, א צעהנערל אויף וועטשערע, איז מיר א פיערערל געבליבען.

— און איך האב אויך א קאפיקע! האט בערל געזאגט — אקוראט אויף אן אטקריטקע.

ווער וועט אבער שרייבען! האט יענקעלע געפרעגט.

— איך: האט בערעלע געענטפערט, איך בין דאך עלטער, איך בין דאך א בכור...

— איך גיב דאך אבער א פיערער.

— א בכור איז מעהר ווערט ווי א פיערער.

— ניין! איך וועל שרייבען א האלבע און דו א האלבע. הא?

— זאל זיין אזוי. קום קויפען א קארטל!

און די צוויי ברידערלעך זענען אוועק געלאפען קויפען א קארטעל אין פאסט.

— דא וועט זיך גאר נישט אויסשטעלען! איז יענקעלע ניט געווען צו פרידען בעטראכטענדיג, צוריק געהענדיג א היים, דאס קליינע קארטל.

— מיר וועלען שרייבען קליינינקע אותיותלעך, מאנטשינקע. האט בערעלע איין עצה געגעבען.

— וועט דער טאטע ניט קענען איבערליינען...

— נישקשה! ער וועט אנטאן די ספאקולען!

— נו, קום גיכער! האט יענקעלע געטריבען.

זיין הערצעלע איז שוין פול געווארען מיט ווערטער, ווי א ים, און ער האט זיי געוואלט שוין אויסגיעסען אויפ'ן שטיקעלע פאפיער, פאר וועלכען ער האט זיין גאנציין איינענס אוועק געגעבען...

זיי זענען געקומען אין שטיבל און האבען זיך גענומען מכין זיין צום שרייבען.

בערל האט גענומען שרייבען דער ערשטער, יעקעלע איז גע-שטאנען און געקוקט.

— הייב אן העכער, דא קאן מען דאך שרייבען א שורה. וואו האסטו אזוי ווייט אוועק געשטעלט דעם לאהובי אבי, האט יענקעלע געשריגען.

— וואו זאל איך איהם שטעלען? אויפ'ן הימעל — וואס? האט בערעלע גערעדט און געטריבען פון זיך יעקעלען:

— געה אוועק! איך וועל דיר לאזען א האלבע, טומעל מיר ניט...

— שא! שא! איז יענקעלע אפגעטראטען און געקוקט פון דער ווייט מיט דארשטיגע אויגעלעך אויף בערעלען, ווי אזוי יענער זיצט פארטיפט און שרייבט, שרייבט, קנייטשט דאס שטערנדל און טונקט די פען און פארטראכט זיך און שרייבט ווייטער.

— גענוג שוין! האט יענקעלע אין עטליכע מינוט ארום א גע-שריי געגעבען.

— עס איז נאך ניט קיין האלבע. האט בערעלע שרייבענדיג געענטפערט.

— מיר קומט דאך מעהר ווי א האלבע! האט יענקעלע שוין בייז געשריגען. דער חשק צום שרייבען, אויסגיעסען דאס הארץ פאר די היימיגע האט איהם שוין אין גאנצען דורכגענומען.

נאר בערעלע האט שוין ניט געהערט. ער האט זיך צום אנהייב אריינגעלאזט אין מליצות, ווי „ראשית באתי להודיעך שאני בריא וקים". פונקט, ווי ער האט אויסגעלערנט אין מכתב משולש. די ביסעלע איינענע ווערטער איז נאך איהם אין קאפ געבליבען: ער דארף נאך פארמסר'ן לייזער דעם בעל עגלה, ער דארף נאך שרייבען, ווי פיעל בלאט גמרא ער האט אבגעלערנט, ער דארף נאך געבען אנצוהער-ניש, אז מען זאל זיי שיקען עפיס א פאסילקעלע. ווייל עס פעהלט זיי צו מאנטאג און צו מיטוואך, און דער דינסטאג איז אויך ווי גאר נישט.

און בערעלע שרייבט און שרייבט און יענקעלע קאן זיך שוין ניט איינהאלטען, ער זעהט ווי בערעלע פארנעמט מעהר ווי א האלב.

— גענוג! איז ער צוגעלאפען מיט א געשריי און אנגעכאפט פאר דאס הענטל פון פעדער.

— נאך דריי ווערטער! האט זיך בערעלע געבעטען.

— אבער געדענק זשע: מעהר ניט! האט יענקעלע געשריגען און די אויגעלעך האבען איהם געפלאקערט...

און בערעלע האט זיך גענומען שרייבען די דריי ווערטער, נאר דער געדאנק, וואס ער האט געדארפט אויסדריקען, האט געפאדערט נאך א צעהן — פופצעהן ווערטער און בערעלע, א בעגייסטערטער פון שרייבען, האט געפיקט געפיקט אויפ'ן פאפיער און פארנומען נאך א שטיק פון דער אנדער העלפט קארטל.

— דו הערסט אויף! האט יענקעלע אויסגעשריגען און זיך איםטעריש פארנאנדער געוויינט בעטראכטענדיג דאס קלייז — שטיקעלע, וואס איהם איז געבליבען.

— שא, נאך ממני בניך... האט זיך בערעלע געבעטען — מעהר ניט!...

נאר יענקעלע, דערמאהנענדיג זיך, אז ער האט געגעבען א גאנצען פיהרערל און בערל'ס וועט מען אין דער היים לעזען אזוי

פיעל, איז אַזוי צֶעקָאכְט גֶעוָוארֶען, אַז עֶר הָאט גֶענוּמֶען מִיט ווילְדְקֵייט רַייסֶען פוּן אוּנְטֶער בֶּערְל'ס הֶענְט דָאס קַארְטְל.

— לָאז מִיר שְׁטֶעלֶען נָאךְ מִמְנִי בִּנְךָ! הָאט זִיךְ בֶּערֶעלֶע גֶעבֶּעטֶען.

— עֶס ווֶעט זַיין רֶעכְט אָן מִמְנִי בִּנְךָ... הָאט יַעֲנְקֶעלֶע גֶעשְׁרִיגֶען, חָאטְש עֶר הָאט גֶעפִּיהלְט, אַז מִמְנִי בִּנְךָ מוּז זַיין, דֶ'ער בַּעַם הָאט אִיהם אָבֶער גֶענוּמֶען קָאכֶען. אוּנ עֶר הָאט גֶענוּמֶען שְׁלֶעפֶּען מִיט גֶעוואַלְד דָאס קַארְטְל; בֶּערֶעלֶע הָאט פֶעסְט צוּגֶעדְרִיקְט, נָאר יַעֲנְקֶל הָאט אַזאַ שְׁטַארְקֶען שְׁלֶעפּ גֶעטָאן, אַז דָאס קַארְטְל הָאט זִיךְ אוֹיף צְווייעֶן צֶערִיסֶען.

— ווָאס הָאסְטוּ דָאס גֶעטָאן גַזְלָן? הָאט בֶּערְל ווִילְד אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט זַיינֶע אוֹיגֶען אוֹיף יַעֲנְקֶעלֶען.

— אִיךְ הָאבּ גֶעווָאלְט אַזוֹי! הָאט יַעֲנְקֶעלֶע גֶענוּמֶען יָאמֶערְן...

— ווָאס הָאסְטוּ דָאס גֶעטָאן? הָאט בֶּערְל ווייטֶער גֶעפְרֶעגְט, קוּקֶענְדִיג מִיט פַארְצְווייפֶעלְטֶע בְּלִיקֶען אוֹיף דִי צְוויי הַאלְבֶּע צֶערִיסֶענֶע שְׁטִיקֶער פוּן דֶער פָּאסְט-קַארְטְל.

נָאר יַעֲנְקֶל הָאט נִיט גֶעקֶענְט עֶנְטְפֶערֶען, דִי טְרֶערֶען הָאבֶּען אִיהם גֶעווָארְגֶען, אוּנ עֶר אִיז אַ פַארְצְווייפֶעלְטֶער אַ מָאל גֶעטָאן צוּם ווַאנְט, רַייסֶענְדִיג זַיינֶע הֶערֶעלֶעךְ... דָא הָאט שׁוֹין בֶּערְל אוֹיךְ נִיט אוֹיסְגֶעהַאלְטֶען אוּנ דָאס קְלֵיינֶע שְׁטִיבְּל אִיז פוּל גֶעווָארֶען מִיט יָאמֶער...

אַבְרָהָם רֵייזֶען.

---

## דִי עֲגוּנָה.

אוֹיפ'ן ווִיסְטֶען בֶּערְגְל פָאלֶען
דֶער לְבָנָה'ס שְׁטְרַאהלֶען קַאלְטֶע;
אַיינְגֶעהוֹיקֶערְט, אַיינְגֶעדְרַעהט זִיצְט
אַ צִיגַיינֶערְקֶע אַיין אַלְטֶע.

הַאלְט אִין הַאנְט אַ בִּינְטְל קְרֵייטֶעכְץ,
אוּנ צִיגַיינֶער לְשׁוֹן פְלוֹידֶערְט;
נֶעבֶּען אִיהר אַ יוּנג ווַייבֶּל,
אַיינְגֶעדֶעקְט אִין שְׁווַארְצֶען שׁוֹידֶערְט.

„ווֶען אִיךְ הָאבּ דֶעם שְׁפְּרָאךְ גֶעעֶנְדִיגְט
„קוּמֶען ווֶעט דַיין מַאן גֶעפְלוֹיגֶען,
„לֶעבֶּעדִיג צִי טוֹיט — דוּ ווֶעסְט אִיהם
„בּוֹלְט זֶעהֶען מִיט דַיינֶע אוֹיגֶען.

„הִינֶעל פְלִינֶער, הֶענְדוּם פֶּענְדוּם
„קוּם צוּ פָאהרֶען, קוּם צוּ רֵייטֶען,
„בִּיסְטוּ טוֹיט, צִי בִּיסְט גֶעשְׁטָארְבֶּען,
„קוּם פוּן נָאהנְטֶען קוּם פוּן ווֵייטֶען..."

אַזוֹי שֶׁעפְּטְשֶׁעט דִי מְכַשֵּׁפָה
ס'זִיפְצְט צוּם עֶנְפֶער דִי עֲגוּנָה,
קוּקְט אִין מִזְרָח, קוּקְט אִין מַעֲרָב,
שְׁפִּיאָנְט אוּנ וואַרְט מִיט גְרוֹיס אֱמוּנָה...

לַאנְג נִיט דוֹיעֶרְט, פוּן דֶער ווַייטֶען
זִיךְ בַּעווַייזְט, עֶר קוּמְט אַלְץ נֶעהֶנְטֶער;
עֶרְשְׁט דֶערְזֶעהְט זִיךְ זַיין פִיגוּר נָאר
בַּאלְד דֶער פָּנִים דֶער בֶּעקַאנְטֶער...

אָבֶּער צוּגֶעמַאכְט דִי אוֹיגֶען,
דָאס גֶעזִיכְט אִיז גֶעל — גֶעפַארְבֶּען:
„ווֶעהסְט דַיין מַאן ווִי כ'הָאבּ פַארְשְׁפְּרָאכֶען
„אִיז אַ פָּנִים שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶּען..."

ס'בִּילְד ווֶערְד נֶעלַם... דֶער לְבָנָה'ס
שְׁטְרַאהלֶען גֶעבֶּען שְׁטִיל אַ צִיטֶער...
ס'פְּרֶעפְּעלְט אוּנְטֶער דִי מְכַשֵּׁפָה,
דִי עֲגוּנָה יָאמֶערְט בִּיטֶער...

דֶענְווֶער, קָאלָא. נָארְד־אַמֶערִיקָא.

יְהוֹאָש.

---

## פִּינְסְטֶער.

(עֶרְצֶעהלוּנג.)

א חֶשְׁוָן־נַאכְט.

מֶען הָאט גָאר נִיט בַּעמֶערְקְט, ווִי דֶער קוּרְצֶער אוּמֶעטִיגֶער טָאג אִיז אַוֶעק. אַ קְלֵיין דִין רֶעגֶענְדְל הָאט נָאךְ גֶעשְׁפְּרִיצְט פוּן אִין דֶער פְרִיה אָן. אִין מִיטֶען טָאג הָאט עֶס אוֹיפְגֶעהֶערְט אוֹיף אַפָּאר שָׁעָה, ווֶען אַ קַאלְטֶער אַ שְׁנֵיידֶענְדֶער ווִינְט הָאט אַרוּמְגֶעיָאגְט שְׁרֶעקְלִיךְ גְרוֹיסֶע, שְׁווַארְץ-פִינְסְטֶערֶע ווָאלְקֶען פוּן אַיין עֶק הִימֶעל צוּם צְווייטֶען... דֶערְנָאךְ הָאט ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען גִיסֶען, אִין אָנְהוֹיבּ קְלֵיינֶע טְרָאפֶּענְס, צוּ דֶער נַאכְט אָבֶּער, הָאט זִיךְ דֶער רֶעגֶען גֶעשְׁטַארְקְט אוּנ עֶס הָאט גֶעגָאסֶען, ווִי פוּן אַיין עֶמֶער...

נָאךְ „מַעֲרִיב" הָאט אַ גֶעדִיכְטֶע פִינְסְטֶערְנִישׁ אַרוּמְגֶעווִיקֶעלְט דָאס שְׁטֶעדְטְל, ווִי זִי ווָאלְט עֶס ווָעלֶען אַיינְשְׁלִינְגֶען אִין זִיךְ... קֵיין שִׁימֶער פוּן אַיין אֵיינְצִיג פַארְבְּלָאנְדְזֶעטֶען שְׁטֶערְן, קֵיין צִיטֶער פוּן אַ ווַייט פֵייעֶרְל, חָאטְשׁ אַיין אוֹיג שְׁטֶעךְ אוֹיס... אוּנ דֶער רֶעגֶען רַייסְט זִיךְ אַרוֹיס, צַייטֶענְווַייז פוּנ'ם ווִינְט, גְלַייךְ ווִי עֶר ווָאלְט זִיךְ גֶעבַּייזֶערְט אוֹיף עֶמִיצֶען. — דָאס אַלֶץ הָאט נָאךְ פַארְגְרֶעסֶערְט דִי פִינְסְטֶערְנִישׁ אוּנ שְׁרֶעקְלִיכֶער גֶעמַאכְט דִי נַאכְט...

אוּמֶעטִיג אוּנ אַיין אַיין טָאן קְלַאפֶּען דִי גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּענְס רֶעגֶען אוֹיף דִי הִילְצֶערְנֶע, עֶרְטֶער-ווַייז פַארְפוֹילְטֶע דֶעכֶער פוּן דִי נִידְרִיגֶע הִילְצֶערְנֶע הַייזְלֶעךְ, אוֹיף דִי שׁוֹיבֶּען פוּן דִי קְלֵיינֶע פֶענְסְטֶערְלֶעךְ אוֹיס'ן בְּלֶעכֶענֶעם דַאךְ פוּנ'ם נֵייעֶם „בֵּית-הַמִּדְרָשׁ" אוּנ אוֹיף זַיינֶע גְרוֹיסֶע פֶענְסְטֶער, אוּנ פְּלֶעשְׁקֶען זִיךְ אִין דֶער גְרוֹיסֶע בְּלָאטֶע.

— נוּ, אַ נַאכְט: פִינְסְטֶער, נַאס, קַאלְט, אוּנ אוֹיס'ן הַארְצֶע אִיז ווִי דִי נְשָׁמָה ווָאלְט זִיךְ גֶערִישְׁט אוֹיסְגֶעבָּאדֶען אִין אַ בְּלָאטֶע פוּן מוּטְנֶע-שְׁווַארְצֶע טִינְט...

דִי אַיינְוואוֹהנֶער פוּנ'ם שְׁטֶעדְטְל הָאבֶּען אַ פָּנִים צוּ אַזאַ צַייט אָנְגֶעווָארֶען אַלֶע הָאפְנוּנְגֶען אוֹיף אַ שַׁיין פוּן לִיכְטִיגְקֵייט: פִיל הָאבֶּען זִיי זִיךְ צֶעלֵייגְט אִין זֵייעֶרֶע קְבָרִים-הַייזְלֶעךְ, גֶעלֶעגֶען מִיט פַארְמַאכְטֶע אוֹיגֶען אִין דֶער פִינְסְטֶער אוּנ זִיךְ צוּגֶעהֶערְט צוּם קְלַאפֶּען פוּנ'ם רֶעגֶען, צַייטֶענְווַייז נָאר הָאט עֶמִיצֶער אַ קְרֶעכְץ גֶעטָאן. אָבֶּער קֵיינֶעם הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעחָלוֹמְט פוּן אַ פְרֵייהֶלִיכֶען פְרִיהמָארְגֶען, בַּיי קֵיינֶעם הָאט נִיט גֶעטְרִיבֶּען שְׁטַארְקֶער דֶעם דֶפֶק...

אַ שְׁוואַכֶער שְׁטְרַאהל-הָאפְנוּנְג הָאט גָאר זִיךְ פַארְגַנְבֶ'עט בַּיי בַּאשֶׁע לַאה'ן אִין הַארְצֶען, ווִי דָאס קְלֵיינֶע פֵייעֶרְל אִין אִיהר קְלֵיין הַייזְל.

זי מיט איהר טאָכטער זיצען ביידע ביי די צוויי ברעגעס פון אַ קליין טישל, וואָס שטעהט נעבען פענסטער, עס איז שטיל, ביידע זענען אָנגעשטרענגט, מען קוקט אין דעם פענסטער, כאָטש מען זעהט דאָרט מעהר ניט ווי די שוואַרצע שויבען, און הערען זיך צו צום קלאַפּערײַ פון'ם רעגען.

באַשע לאה, אַיין עלטערע יודענע, מיט אַיין אַלט פאַרקנייצט פּנים, פייכטע, פאַרזאָרגטע אויגען, און ברײַנע איהר טאָכטער, אַ מויד וואָס ווערד שוין פון עטליכע יאָהר גידריגער און גרעבער, דאָס פּנים בלוילינך פאַר קעלט, די ליפּען גראָבלינך און צעשפּאָלטען, די באַקען פּלאַציג־פול און הענגען אַראָב.

דאָס אַלמערל האָבען זיי נאָך פאַרשלאָסען גאַנץ לאַנג, ווען אַנדערע זענען נאָך געזעסען אין מאַרק — קיין פּדיון איז סיי־ווי־סיי ניטאָ, עס איז קאַלט, רעגענט, קיין משוגע'נעם הונט זעהט מען ניט. דערצו האָבען זיי זיך היינט טאַקי געאײַלט, ווײַל היינט דאַרף מען ענדיגען דעם שדוך, וואָס מען האָט פאַרגעלעגט פאַר בריינען פון אַ דאָרף, וואו עס האָט געוואוינט איהר מומע, ביי וועלכער ברײַנע איז געווען צו גאַסט חול המועד סכות.

געקומען איז זי פון דאָרטען אַ האַלבע כלה: די מחותנים האָבען מבטיח געווען צו קומען אַהער, ווען זיי וועלען פאָהרען אויפ'ן יריד און שרייבען תנאים.

אויף אַלץ האָבען זיי אײַנגעשטימט: אַנגעמען דאָס אַלמערל און צוויי הונדערט רובל נדן, וואוינען דריי יאָהר צוזאַמען מיט דער מאַמען אין הויז און פיהרען אינאײַנעם די הוצאה. אַיין זאַך האָבען זיי נאָר געוואָלט — דורך־שרייבען זיך מיט זייער אַיין אייגענעם — לייזער דעם קרעמער, וואָס וואוינט דאָ אין שטעדטל, ד. ה. נאָכ־פרעגען זיך ביי איהם, און דערנאָך שרייבען תנאים.

— מיט לייזער דעם קרעמער? — האָט דענסטמאָל באַשע לאה איבערגעפרעגט אויסהערענדיג איהר טאָכטער, און האָט זיך אויף איהר פאַרקוקט, ווי זי וואָלט זיך וועלען וויסען אויב לייזער וועט ניט געפינען אויף איהר עפּיס אַ חסרון.

— עס וועט דערפון גאָר נישט זיין — האָט זי זיך געטראַכט — ער וועט געוויס אָפּרעדען.

פאַר בריינע'ן אָבער האָט זי דאָס ניט געזאָגט, וואָס זאָל זי איהר שוין אָפּעסען דאָס האַרץ. זי האָט זיך שוין, נעביך, גענוג אָנגעליטען.

ווען בריינע וואָלט זיך דענסטמאָל ניט אײַנגעשפּאַרט, טראַכט זי זיך, וואָלט זי שוין געקאָנט האָבען אייניקלעך און זי וויל בערעכענען וויפיעל דאָס עלסטע אייניקעל וואָלט שוין געקאָנט אַלט זיין, עס גראָדט איהר אָבער נישט.

דענסטמאָל איז נאָך בריינע געווען אַ יונג, פריש מיידל, כאָטש ניט אַזאַ געמאָלטע שעהנהייט, די אייגעלעך האָבען אַביסל געברענט, דאָס צינגל געקנאַקט, דאָס געלעכטער געהילכט, ווי ביי אַ מאַרק־מיידל, און משה, אַ בלאָסער אַ הויכער שנײַדער־יונג, וואָס פלעגט שטענדיג קויפען ביי זיי אין אַלמערל אַלץ, וואָס ער האָט געברויכט, האָט זיך ניט אויף אַ קאַטאָוויס אין איהר „פערקלאָפּט", ווי זיינע חברים פלעגען זיך מיט איהם רייצען.

נאָר באַשע לאה'ן איז דער שדוך נישט אָן געשטאַנען, זי קאָן דאָס דעם מאַן, אַ מלמד אַ יחסן, נישט אָנטון אַזאַ חרפה אין קבר, זי קאָן נישט דערלאָזען, מען זאָל זאָגען: אַ טאָכטער פון אַ תלמיד חכם פאַר אַ לייב, פאַר אַיין עם־הארץ", ווי זי האָט געלייענט אין „נחלת־צבי"

די טאָכטער האָט זיך דענסטמאָל צעריסען מיט דער מאַמען אויף מעסער, אַ צייט האָבען זיי ניט גערעדט, נאָכדעם פלעגען זיי נאָר אויפרעדען זיך בשעת אַ צרה, פלעגען זיך נאָר אויסקילען איינע אויף דער אַנדערע זייערע פאַרביטערטע הערצער, און ביי דער טאָכטער איז געבליבען אַיין אייביגער שטיין אין האַרצען געגען דער מוטער.

פון יענער צייט אָן זענען בריינע'ס אויגען פאַרלאָשען געוואָרען, איהר געלעכטער האָט שוין מעהר ניט געהילכט, און אַ שטענדיגע מרה־שחורה האָט זיך אויף איהר אָנגעטאָן.

אין דער צייט האָט מען איהר פאָרגעלעגט נאָך אייניגע שדוכים, אָבער עס האָט זיך אַלץ ניט געקלעבט, דאָס איז ניט געווען אַזוי פיעל נדן, דאָס איז ווידער ניט נאָך באַשע לאה'ס כבוד געווען, דאָס פלעגט מען זאָגען, בעת זעהן זיך, אַז מען וועט שיקען אַ בריף וועגען פּרטים, און דעם בריף פלעגט מען זיך קיינמאָל ניט דער־וואַרטען. ביז עס איז געקומען אַ צייט, אַז ווען מען פלעגט זיך אויפ'ן מאַרק צעקריגען איבער אַ קונה פלעגט מען אָנרופען בריינע'ן: אַלטע מויד, באָבע, גרויע האָר, פאַרזעסענע „קאַלאַדע"...

ערשט וואָלט שוין באַשע לאה מסכים געווען אָפּגעבען די טאָכטער כאָטש פאַר אַ בעל־מלאכה, „צונויפבינדען זי און אַרויס־וואַרפען פאַר אַ לייב", ווי זי פלעגט זאָגען, אַבי אַרויסוואַרפען זי, אַבי פון איהר פּטור ווערען, אַראָפּנעמען פון זיך דעם האָרב, אָבער היינטיגע „שנעקעס" בעלי־מלאכות, זיי ווילען דווקא אַ יונגע, אַ שיינע און אַנדערע זענען נאָך מוסיף אַ קלוגס אויף. אַזוינע דריי זאַכען, וואָס בריינע האָט זיי ניט, נאָך די מיינונג פון יענע שנעקעס...

באַשע לאה האָט זיך שוין געפיהלט ווי שולדיג געגען דער טאָכטער, און אין דער שטיל פלעגט זי זיך שלאָגען „על חטא" פאַר איהרע זינד, פאַר איהר גאווה, און מיט בריינע פלעגט זי זיך סטאַרען זיין וואָס פריינדליכער, כדי זי זאָל זיך ווידער צו איהר טוליען; אָבער עס איז איהר ניט געראָטען: בריינע איז געווען שטענדיג גערייצט, פערצאַגט, מרה־שחורה'דיג און ביי יעדער קליינינקייט פלעגט זי אָנפאַלען אויף דער מוטער, קריגען זיך און אַפילו שעלטען זיך...

— אַך – פלעגט דענסטמאָל באַשע לאה אָפּברעכצען, רע־דענדיג מיט זיך אַליין — אַט אַיין אומגליק אויף מיין קאָפּ, ווי ווער איך איהר פּטור! זי וועט מיך אין דר'ערד אַרײַנלעגען, איך וועל עס ניט אַריבערטראָגען!...

אַז בריינע איז געקומען פון דער מומען אַלס כלה האָבען זיי צווישען זיך אַזוי ווי שלום געמאַכט. כאָטש באַשע לאה האָט ניט געגלויבט אין דעם שדוך, פונדעסטוועגען האָט אַ פונק האָפנונג געברענט ביי איהר אין האַרצען: טאָמער קומען זיי יאָ און שרייבען „תנאים" און זי ווערד פון איהר פּטור...

קומען האָבען זיי געזאָלט דעם 10־טען חשון, און דאָס איז אויסגעפאַלען גראָד היינט אין אַזאַ חשכ'דיגען טאָג.

באשע-לאה האט זיך געאיילט פונדעסטוועגען צו קומען פריהער אהיים, צוקלויבען זיך עפים אביסל צוליב די געסט.

אין שטוב איינענטליך האט זי פיעל ניט געהאט וואס צו טון, איהרע עטליכע קוישען מיט דעם אויבס, וואס זי פלעגט דערמיט צוהאנדלען צום אלמערל, האט זי אוועקגעשטעלט אין א ווינקעל, איינע אויף די אנדערע, אונ האט עס איבע, גערעקט מיט איין אלטען טישטוך, דעם הילצערנעם קאנאפ ארומגעווישט, אויפ׳ן קליינעם טישל פארשפרייט א ווייס טישטוך, דאס גלאז פונ׳ם לעמפל אויס-געוואשען, זיך אנגעטאן איהר שבת סיצען-קליידל, אויסגעוואשען אביסל איהרע דארע הענט אונ פארטיג.

ברײנע האט אויך אראפגעווארפען פון זיך איהר מארק קליידל, אנגעטאן א יום-טוב׳דיגע, איינגעוואשען זיך, אונ איינגעשנורעוועט זיך גאנץ פעסט.

אונ אהן רייד האבען זיי זיך צעזעצט ביי ביידע ברעגען פונ׳ם טיש.

באשע לאה האט זיך געקעהרט צום פענסטער זיך פארקוקט אויף די גרויסע טראפענס רעגען, וואס פלעגען אראבפאלען אויף די שויבען מיט א קלאפ אונ שטי׳ל אראבגליטשען זיך פון אויבען אראפ.

ברײנע האט זיך געעוסק׳ט מיט א פעדער, וואס עס איז דא גע-לעגען. זי האט געהאלטען א לאנג שטיקל פאפיער אונ כלומר׳שט געשריבען א „רשימה״, אונ אונטערוויילם פלעגט זי אויסדרעהען א פאר קרומע פים פון א „חית״, דערנאך א געבראכענעם רינגעלע א „סמך״, דערנאך א „וו״ מיט א לאנגע „נון״ א קרומע, אונ פלעגט עס אבריקען פון זיך, האלטען א קעגען פייער אונ לייענען שטיל א „חסון״...:

— וואס פאר א חשך, בעמערקט פלוצים באשע לאה, ווי זיך אליין.

— וואס פאר א רעגען, עס הערט גאר ניט אויף, בעמערקט אן ברײנע אונ פארקוקט זיך אין פענסטער.

עטליכע מינוט האבען זיי געקוקט אין פענסטער שטיל אבער לאנג האט באשע לאה זיך נ׳ט געקאנט איינהאלטען, עס האט גע-קאכט אין איהר. וואס צו ריידען האט זי געוואוסט, נאר זי ווייסט ניט ווי הייבט מען עס אן.

— דו האסט עפים היינט געלייזט? — פרעגט זי ענדליך, אב-קעהרענדיג דעם קאפ פון פענסטער, אונ זיך פארקוקט אויפ׳ן פייערל פון לעמפל.

— פאר צוויי קנייפעלעך שווארצען פאדים, — ענטפערט ברײנע אונ פארקוקט זיך אויפ׳ן שטיקל פאפיער, וואס איז דא געלעגען, מיט דעם ווארט „חסון״: — געקומען „אחאכלושע״ איינע אונ האט געוואלט קויפען באוועל האט זי געוואלט, א „מיתה משונה״ אויף איהר, איך זאל איהר אוועקגעבען אומזיסט.

מענדל א פנים (באשע לאה׳ס א יונגל א יאהר פינפצעהן) וועט הי׳נט בלייבען אין שול נעכטיגען, — זאגט ווייטער באשע לאה.

— ער האט דאך נאך ניט געגעסען, ער וועט מסתמא דעם רעגען איבערווארטען.

— אונ וואו זיצט דאס אלץ דער „אומגליק״ (א מיידל א יאהר זיבעצעהן)? אט איז א מלאך-המות אויף מיר, א מינוט זאל מען זי אין שטוב ניט אנזעהן...

— מסתמא זיצט זי דארטען, ביי שרה דבורה׳ן (א שכנה), זי קען זיך דען צעשיידען מיט איהר גולם (דער שכנה׳ס א מיידל)? זי וועט ווען עסען וועט זי קומען צו לויפען.

— א מויד „אהריפע״, — זאגט באשע לאה, — וואקסט ווי אויף הייוועו, שדים ווייסען ווי, אונ שכל האט דאס ווי אפיצל קינד — ארומשלעפען זיך איבער פרעמדע הייזער, „חאכאציגקעס״ איז עס איהר אלץ, אז די מאמע, ד׳ער אלטער פערד, שלעפט נאך דעם יאך קען זי „ארומהאצקאיען״, מען זאל זיך ניט נעמען פאר א וועלכע עס איז אר-בייט — מען זעהט זיך גאר ניט ארום, ווי די יאהרען פליהען אונ אט אט ווערד זי א מויד א...

פלוצים האט זי זיך אבגעהאלטען דערמאנענדיג זיך אויף ברײ-נען, וועלכע דער טאטעס לעצטע רייד האבען געשטאכען ווי שפיל-קעס...

באשע לאה האט געשוויגען עטליכע מינוט, לענגער אבער איינהאלטען זיך האט זי ניט געקאנט. דאס אלץ איז אנמערקונגען זייטיגע, אבער וועגען רעכטען עיקר, וואס אינטערעסירט זי איצט האט זי נאך גאר ניט אנגעהויבען צו ריידען.

ענדליך האט זי אזיפץ געטאן, אבגעקערט איהר קאפ פונ׳ם פייער, אונ אנגעשטעלט איהרע שוואכע אויגען ברײנען אויפ׳ן פאר-קנייצטען קליינעם שטערען, האט שוואך א הוסט געטאן אונ שטיל א פרעג געטון: דו האסט אפשר געזעהן היינט לייזער׳ן?

ברײנע האט זיך א טרייסעל געטון, ווי א לייכטער פרעסטל וואלט דורך געגאנגען איהרע גלידער. זי האט געהערט וואס די מאמע האט איהר געפרעגט, זי האט אבגעווארט אזא פראגע; אבער זי וואלט עס וועלען בעסער ניט הערען, עפים האט איהר דאס הארץ שטארק געקלעמט...

— א, לייזער׳ן? — פרעגט זי איבער, — איך האב איהם געזעהן פארבייגעהענדיג: אבער איך האב מיט איהם גאר נישט גערעדט.

— וו:ס האבען זיי דענסטמאל געזאגט? — פרעגט איבער באשע לאה שוין דעם וויפיעלטען מאל, ווי זי וואלט זיך איבערצייגען צי איז ריכטיג יענע הבטחה.

— אז זיי וועלען זיך נאך פרעגען ביי לייזער׳ן, — ענטפערט ברײנע, — איך וויים וואס זיי ווילען?

— וואס איז זיי לייזער?

— א שוועסטער קינד, א פנים, וואס איז ער.

— איך האב איהם לענגער דערציילט די מעשה.

— וואס האט ער געזאגט?

— אז פון זיין זייט איז קיין מניעה ניט, אבריידען וועט ער ניט, קאליע מאכען וועט ער אויך ניט, „וואס איז ער, ניט קיין יוד?״ — זאגט ער.

— זיי וועלען מוזען א פנים פארפאהרען צו איהם?

— וואו דען וועלען זיי פארפאהרען? — א שאד וואס אזא רעגען מיט אזא פינסטערניש. זיי קומט דאך אויס פאהרען פארביי, ווי מען פאהרט פון י., מען וואלט זיי געקענט בעמערקען דורכ-פאהרענדיג...

(ענדע קומט).

ם. ערליך.

# די כוזרים.

אין די גוטע צייטען ווען די יודען האבען געלעבט בעסער, ווען זייער פאליטישע און עקאנאמישע לאגע איז געווען אזוי ווי אנדערע ווי די היינטיגע, האבען זיי זיך שטארק בעמיהט צו קריגען גרים, צו פארברייטען זייער אמונה אין דער וועלט ווי עס טוען היינט די ענגלישע און דייטשע מיסיאנערען. מיר געפינען דיעזע בע־שטרעבונג ביי די יודען צום שטארקסטען ענטוויקעלט אין די צייטען, ווען זיי זענען נאך געווען אין דעם פרייוויליגען גלות. דענסטמאל אין דער ליכטיגער צייט האבען די יודען נאך געחלומ'ט פון א וועלט־הערשאפט; זיי האבען געפיהלט, אז א פאלק טאר נישט און דארף נישט בלייבען אליין אין דער וועלט, אז אזוי גוט ווי דער איינציגער מענש, אזוי מוז אויך א פאלק האבען פריינד, חברים וואס זאלען איהם קענען העלפען אין שלעכטע צייטען. דארום האבען זיי זעהר פיעל זיך משתדל געווען צו פארברייטען זייער אמונה צווישען די אומות. זייער שתדלנות האט אבער זעהר ווייניג געווירקט. באלד זענען געקומען די שרעקליכע פינסטערע צייטען פון דעם שווערען גלות, די יודען האבען געליטען צרות און רדיפות, דענסטמאל איז זיי שוין נישט געלעגען אין זינען צו זוכען גרים, פאר זיי איז גאר געווען איין אומגליק, ווען עמיצער האט זיך מגייר געווען ווייל דאס איז שטענדיג געווען א סיבה צו נייע רדיפות, צו נייע צרות פאר זיי. און דענסטמאל איז געזאגט געווארען די ביטערע ווערטער: קשים גרים לישראל כספחת, גרים זענען פאר יודען א צו־טשעפעניש, א שלעכטע קרענק; יודען זאלען נישט און טארען נישט אננעמען קיין גרים. פונדעסטוועגען, נאר חאטש עס איז געווען פארבאטען, האבען דאך די יודען אין שפעטערע צייטען ווען דער יאך פון גלות איז גאר געווארען אביסל גרינגער, זיך באלד געפרובט צו פאר־ברייטען דאס 'יודישקייט, צו מאכען גרים. און איינמאל האט כמעט א גאנץ פאלק, דאס כוזרים פאלק, אנגענומען די יודישע אמונה. ווער זיי זענען געווען און וואס פון זיי איז געווארען, דאס ווילען מיר דא דערצייהלען.

די כוזרים זענען א פאלק, וואס האט פון אנהויב געוואהנט אין דעם לאנד, וואס געפינט זיך צווישען דעם ים־הכספי און דעם ים־השחור, און קומען ארוים לויט זייערע הגדות פון דעם זיבענטען זוהן תוגרמה בן יפת בן נח, וואס האט געהייסען כזר, צווישען זיי האבען זיך אבער געפונען אויך אנדערע פעלקער, ווי קאבארדינצעס, טערקען און מאדיארען. עס איז דא איין אגדה, אז צווישען זיי זענען אויך געווען יודען פון די עשרת השבטים, וואס שלמנסר מלך אשור האט פארטריבען קיין מעדיען. די כוזרים זענען געווען א וואנדער־פאלק, וואס האבען געוואהנט אין געצעלטען און האבען געלעבט פון די רויסע סטאדעס בהמות, וואס זיי האבען געפאשעט, נאר דער מלך וואס האט געהייסען ביי זיי חאקאן, האט געוואהנט אין א געמויערטע שטוב. קיין גרויסען האנדעל האבען די כוזרים נישט געפיהרט. צו זיי פלעגען קומען סוחרים פון ווייטע מדינות, אבצוקויפען ביי זיי די פעלען און אנדערע פראדוקטען, ווייל זיי זענען געווען בעריהמט פאר ערענטליכע און עהרליכע מענשען. ביסלעכווייז האבען זיי זיך פארברייטערט איבער די מדינות, וואס האבען זיך געפונען אין זייער שכונה און זענען אויסגעוואקסען א גרויס און א שטארק פאלק, וואס האט געהערשט איבער די אנדערע פעלקער. אין דעם זעקסטען יארהונדערט שפילען זיי שוין א גרויסע ראלע אין דער וועלט, זיי זענען שוין מיוחסים און דער מלך פון קאנסטאנטינאפאל יוסטיניאן איז זיך מתחתן מיט דעם חאקאן פון די כוזרים. אויך אין די בריף, וואס מען שרייבט צו איהם גיט מען איהם אב מעהר כבוד ווי דעם רוימישען פאפסט. איין אראבישער רייזענדער דערציילט, אז די סלאווען און די אנדערע שכנים זענען אלע אונטערטעניג דעם כוזרישען מלך און ער בעטראכט זיי אלע פאר זיינע משרתים. אין יאהר 854 האבען זיי געבראכט בעלי־מלאכות פון קאנסטאנטינאפאל און זיי האבען געבויעט א פעסטונג סארקעל, די ווייסע שטאדט, וועלכע די רוסען רופען איהר ביעלאיא וויעזשא, אויף דעם טייך דאן, כדי זיך צו שיצען געגען דעם פיינד. דיעזעס פאלק האט אין יענער צייט, ווען זיי זענען שוין געווען גרויס און שטארק, אנגענומען דאס יודישע גלויבען. ווי אזוי, אויף וואס פאר איין אופן דאס איז געקומען, דערציילט מען אזא מעשה:

א חאקאן פון די כוזרים בולאן, איז געווען זעהר א פרומער, א גאטס־פארכטיגער מלך. ער איז געווען איבערגעגעבען דעם גלויבען מיט'ן גאנצען הארצען. איהם איז אבער איינינע מאל געקומען צו חלום א מלאך און האט איהם אלץ געזאגט, אז זיין כונה איז אפילו א גוטע ער מיינט און וויל אפילו דיענען גאט מיט'ן גאנצען הארצען אבער זיינע מעשים זענען נישט קיין גוטע, ער טוט נישט דאס, וואס מען דארף צו טון, ער דיענט נישט דעם אמת'ען ריכטיגען גאט. דער חאקאן איז דערפון געווען שטארק אונרוהיג. ער האט צו זיך גערופען א חכם, און האט איהם געבעטען ער זאל איהם פאר־ענטפערען, ערקלערען די שאלות, וואס מאטערען איהם און לאזען איהם נישט שלאפען, דעם חכמ'ס תשובה האט איהם נישט צופרידען געשטעלט, האט זיין הארץ נישט בערוהיגט. ער האט צו זיך גערופען די פארטרעטערס פון די צוויי וועלט־אמונות און יעדער האט געזוכט צו בעווייזען, אז נאר זיין אמונה איז די אמת'ע. דער חאקאן האט אבער בעמערקט, אז ביידע ברענגען אלץ ראיות און שטיצען זיך עפים אויף א דריטע אמונה, אויף די יודישע. דענסטמאל האט ער געפרובט יעדערען בעזונדער פרעגען, וואס פאר איין אמונה עס איז גיכער די אמת'ע. צי פון זיין מתנגד אדער די יודישע. יעדער האט איהם געענטפערט, אז די יודישע איז אמת'ער. אז זי איז די קוועלע פון וואנעט ביידע שעפען. דער חאקאן האט זיי אוועקגעשיקט און האט גערופען א יודען, ער האט מיט איהם געהאט א ויכוח, דער יוד האט איהם דערקלערט די עקרים פון דער יודישער אמונה און דער מלך מיט אלע זיינע שרים האבען אנגענומען דאס יודישע גלויבען. דער יוד, וואס האט געהאט דעם ויכוח מיט דעם מלך און האט איהם מנצח געווען, האט געהייסען יצחק סנגרי. זיין מצבה האט מען געפונען אויף דעם בית־הקברות פון דער שטאדט טשופוט־קאלא (סלע היהודים) אין קרים, און היינט געפינט זי זיך אין פעטערס־בורגער מוזעאום.

ענדע קומט.

ש. י. סטופניצקי.

---

# לעבען און געזונט זיין.

(די צייט פון ניס, עפעל און שווארצע בערלעך.— צו א רפואה.— דער אסיען־ווינט א גוטער מלאך.— נאסע פיס.— שול־פאנטאפעל פאר קינדער.— ביים אויוען זיצען — א פעלק היטעל.— א האפנונג פאר לונגען־קראנקע — א זיכערע רפואה געגען קאטאר. — געשוואלענע מאנדלען.)

מיר זענען איצט אין דער צייט פון ניס מיט עפעל. מען זאל די ניס נישט האלטען בלויס פאר א נאשעריי, צו נאשען נאך טיש אדער „שבת־אויבסט"; ניס איז א נייטיג און ביליג הויז־מיטעל פאר בלאסע און מאגערע מענשען און ווען זיי זאלען עס עסען יעדען טאג וועלען זיי מעהר פועלען ווי אין ווארמבעדער אריין צו פאהרען. דאקטאר מונאז האט געפונען אין די ניס א מין אלקאלאאד, וואס מאכט אויף דעם מענשליכען גוף מערקווירדיגע פעולות. (אלקאלאאד רופט מען שארפע שטאפען, וואס געפינען זיך אין געוויסע פלאנצען. צום בייזפיל ניקאטין אין טאבאק).

ווען א געזונטער מענש עסט אויף עטליכע טעג כסדר צו מיטאג און אבענד צו אכט וועלשענע ניס, ווייזט זיך אין אפאר טאג, אז עס איז מעהר בלוט צוגעקומען אין די הויט. די פארב פון'ם פנים און פון די ליפען איז פרישער און געזונטער געווארען, די בעוועגונגען פון'ם הארץ זענען קרעפטיגער און שטארקער. דער דאקטאר האט געפרובט ביי פארשידענע פארשוינען און עס האט ביי אלע געהאט די זעלבע פעולה: עס איז צוגעקומען בלוט, וואס מען האט עס דערקענט אן הארץ.

דעריבער מוז די היימישע בילינע רפואה זעהר גוט ווירקען ביי בלוט־ארימע מענשען, ביי בלאסע פנימער, ביי סקראפולאזע, ביי קראנקהייטען וואס צעהרען אב, ביי מאגערע מענשען און צומאל אויך ביי נערוועןליידענדע. די אלע זאלען עסען אסך ניס, מינדסטענס אכט ניס ביי מיטאג און אכט אבענד.

דאגעגען מוזען זיך היטען פון ניס עסען: פולע פארשוינען, וואס האבען א סך בלוט און זאפט.

ביי ניס עסען מוז מען אבער אכט געבען, זיי גוט צו צעקייען ביז זיי זענען אין מויל ווי א קאשע פארמישט מיט'ן שפייעכץ.

פאר עפעל ברויכט מען נישט ערשט צו בעווייזען, אז זיי זענען געזונט צום עסען. זייט די עלטסטע צייטען איז בעקאנט, אז עפעל האבען א גרויסען ווערט אלס א היימישע רפואה. איין עפעל צו עסען פאר דעם שלאפען געהן איז א רפואה צו אלעס, עס מאכט גוט דעם שלאף און רעגולירט דעם שטאף־וועקסעל אין דעם בלוט. שוין אין אונזער שיר השירים זענען דערמאנט עפעל פאר א היילמיטעל.

זעהר געשעצט אלס א הויז מיטעל ווערען איצט די שווארצע בערלעך (טשארני באראווקי, היידעלבערען). איינגעפיהרט אין די נייע היילקונסט האט זיי פראפעסאר ווינטערניץ. ער האט זיי בענוצט ביי די וואס ליידען אויף א שוואכען מאגען, וואו עס העלפט שוין נישט קיין שום מיטעל, ער האט זיי געגעבען צו עסען רויה אדער ווען מען בעקומט נישט רויע בערלעך האט ער גענומען געטרוקענטע און אויסגעזאטען. מען בעגיסט די טרוקענע בערלעך מיט קאלט וואסער, שטעלט זיי צום פייער, מען לאזט זיי צוויי שעה קאכען און אלע מאל דורכמישען ביז די גאנצע מאסע ווערד ווי א סאק. מען זייהט דאס אב דורך א ליינוואנטען רייי טיכל און מען פרעסט אוים דעם זאפט פון'ם טיכל אזוי ווי מען מאכט ראזינקע־וויין. דעם סאק שטעלט מען אויף א קיהל ארט און דאס איז די בעסטע רפואה געגען א שוואכען מאגען. מען נעמט פון דעם סאק איין ביז דריי טיי־גלעזער א טאג. פראפעסאר ווינטערניץ האט דאס גענוצט געגען דער קראנקהייט „עקזעם". דערצו מוז מען דעם סאק אבער לאזען שטארק אויסקאכען, עס זאל בלייבען נאר איין עסענץ. דער עסענץ היילט אויך ביי אבבריהען, ווען עס איז נישט א געפעהרליכער גראד. פראפעסאר שטרומפעל בענוצט שווארצע בערלעך ביי געוויסע געדערם־קראנקהייטען

אין עסטרייך האט מען שוין אויפגעהערט צו האלטען די שווארצע בערלעך פאר א באבסקע רפואה, מען רעכענט עס פאר אפטייק־מיטעל, וואס האט א זיכערע הייל־פעולה.

די בלעטער פון די שווארצע בערלעך האבען שוין פיעל דאקטוירים בענוצט ביי צוקערקראנקהייט. אנדערע דאקטוירים געפינען אבער נישט דערין קיין זיכער מיטעל.

---

דער אסיען. מעהר ווי אומעטום פיהלט מען אין אונזערע געגענדען די שארפקייט פון'ם אסיענווינט. וועניג בערג האבען מיר אין אונזערע מדינות און די רויהע צפון־און מערב ווינטען האבען א פרייען וועג אונז אבצופאטשען די פנימ'ער און אונז דורכצונעמען דורך די קליידער מיט א פייכטען קאלטען הויך, אזוי אז מיר שפירען איצט די קעלט ערגער ווי אין די ווינטערדיגע פרעסט. אבער מען זאל דעם ווינט נישט האלטען אין גאנצען פאר שלעכט, ער האט אויך א מעלה, וואס איז פאר אונז זעהר נייטיג. אין דער אונגעזונטען צייט, וואו די נאטור שטארבט אב און די לופט איז אנגעפולט מיט שעדליכע באקטעריען, מיט נעפעל און פייכטיגקייט, וואס זענען גורם אלערליי קראנקהייטען, איז זעהר נייטיג א שטארקער ווינט, וואס רייניגט די לופט און פיהרט אוועק אלעס, וואס געפינט זיך אין איהר. דער ווינט איז א גוטער מלאך.

דער גוף קאן די קאלטע ווינט־בעוועגונגען און בעשטענדיגע ענדערונגען אין דעם וועטער נישט ליידען און פיעלע איידלע און איבערהויפט פארצוינגענע קינדער און פוילע עלטערע מענשען פארקיהלען זיך לייכט ביי די רויהע אסיען־ווינטען. אבער מען קאן און מען זאל זיך געוויינען דאס יא צו קאנען ליידען, אז עס זאל נישט שאדען. מען קאן זיך צו נייער לופט צום בעסטען געוויינען, ווען מען טוט זיך אויס ביי נאכט פאר'ן לעגען נישט בלויס די אויבער־קליידער, נאר אויך די וועש און מען טוט אן צום שלאפען אנדערע קאלטע וועש און אזוי אויך ביים אויפשטעהן. דאס דערפרישט דעם גוף און געוויינט איהם צו פארטראגען אלע לופט־פארענדערונגען. עס איז אויך גוט ביים אויסטון און אנטון דאס לייב אבצורייבען אדער אבצובערשטען מיט א הארטע בארשט. דורך דעם ווערד די הויט אבגעהארטעט אזוי ווי די הויט פון'ם פנים און די הענט. עס איז אויך נייטיג פאר די געזונטהייט יעדען אין דער פריה זיך דעם אויבער־שטען האלבען גוף אבצוואשען מיט קאלט וואסער און מיט א האר־טען טוך אבצורייבען. ווען מען געוויינט זיך צו דעם און מען פיהרט זיך תמיד אזוי, איז מען זיכער, אז מען וועט זיך קיין מאל נישט צו־קיהלען און מען וועט קענען ליידען די רויהע אסיען־ווינטען, מען מוז נאר זיך אבהיטען אין דרויסען אויפ'ן ווינט נישט צו רעדען, כדי דער

ווינט זאל נישט אריין אין די לונג. דעם אטעם מוז מען תמיד ציהען מיט די נאז, וועלכע ריינינגט די לופט און דערוואַרעמט זי.

נאסע פיס זענען ווינטער זעהר שעדליך. אם מייסטען פארקיהלט מען זיך דורך נאסע פיס. נאסע פיס זענען אבער גאר שעדליך ווען זיי שטעקען אין שיך. באָרפוסדיגע פיס שאַדען נישט אזוי. וויפיעל מאל הערען מיר יודישע מאַמעס זענען מקנא אָרימע קינדער פון׳ם דאָרף, וואס לויפען אין די גרעסטע קעלט און בלאָטעס ארום באָרפוס און עס שאַדט זיי גאר נישט, נאר זיי, די שטעדטישע ווייבער זענען געביך אזוי אומגליקליך, אז קוים איז צעריסען געוואָרען א שיכל ביי זייערס א קינד, אהא, ער האט זיך שוין פארקיהלט! דאס איז אבער גאר נישט קיין סודות און נישט קיין מזל־זאך. אז א באָרפוסדיגער פוס ווערד נאס טרוקענט ער באַלד אויס און אפילו ער איז א גאנצע טאג אין די בלאָטעס שאַדט אויך נישט, ווייל די דאָרפס־קינדער לויפען בעשטענדיג ארום, דערוואַרעמט זיך דער פוס אפילו אין דער בלאָטע. די שטעדטישע קינדער אבער, וואס גהען תמיד אין שיך און גראָד ביים נאסען וועטער — אזוי ווי עס איז שוין תמיד — ווערד דער שוך צעריסען, ווייקט דער פוס דעם גאנצען טאג אין דער קאַלטער בלאָטע און קאן זיך נישט דערוואַרעמען, ווייל די קינדער זיצען אויף איין אָרט אין שטוב, צי אין חדר; דעריבער פארקיהלען זיי זיך באַלד. עס איז דורך דעם גוט צו געדענקען, אויב די פיס ווערען נאס אין צעריסענע שיך און מען קאן זיך נישט באַלד אנטון טרוקענע שיך און טרוקענע זאקען, איז בעסער זיך אויסצוטון באָרפוס, אז מען וויל נישט בעקומען א קאַטאר.

אויך דורך גאנצע שיך ווערען די פיס ביי נאסען וועטער דורכגענעסט, ווען מען האט נישט אויף די פיס קיין קאַלאָשען. אין אמסטערדאם האט א חברה געזאָרגט פאר די שולקינדער און אנגעגרייט אין אלע שולען הונדערטער פאנטאפעל. ווען די קינדער קומען אין נאסען וועטער אין די שולע, טוען זיי אויס די שיך און טוען אן טרוקענע פאנטאפעל.

ווינטער זאל מען די קינדער קיין מאל נישט לאזען זיצען ביים אויווען. איז זיי קאַלט זאלען זיי בעוועגונג מאכען, ארום לויפען, ארבייטען, וועלען זיי זיך אויף נאטירליכען וועג דערוואַרמען. דער אויווען דערוואַרמט איין זייט און די אנדערע זייט בלייבט קאַלט, און דאס איז זעהר נישט געזונט. עלטערע מענשען, וואס זיצען גערן ביים אויווען, זאלען נישט זיצען תמיד מיט די פלייצים צום אויווען, זיי מוזען זיך אלע מאל אומדרעהען, כדי אלע זייטען זאלען גלייך וואַרם זיין. אז נישט וועלען זיי באַלד פיהלען יסורים אין די גלידער. ווער עס זיצט ווינטער ביים פענסטער מוז די וואַנט אונטערן פענסטער בעהענגען מיט א טוך, כדי עס זאל נישט ציהען קיין קעלט אין די פיס.

זיך צופיעל "אנצופעלצען" ווינטער איז אויך נישט געזונט. אויפ׳ן קאפ תמיד צו טראָגען א פעלץ־היטל און ביי נאכט צו שלאָפען אין א היטל איז גאנץ איבעריג. דורך דעם פאלען ארויס די האר פון׳ם קאפ אָדער מען ווערד גרוי פאר דער צייט. פאר קינדער זאל מען ליבער זאָרגען, אז די פיס זאלען וואַרם זיין און נישט אז דער קאפ זאל וואַרם זיין. פון צופיעל וואַרם האַלטען דעם קאפ קאָנען קינדער בעקומען איין אויסשלאג אויפ׳ן קאפ. איבערהויפט ברענגט דאס צופיעל אנפעלצען צום פארקיהלען און פארקיהלען ברענגט אפט צו לונגען־קראַנקהייטען.

לונגען־שווינדזוכט איז, ווי עס איז בעקאַנט, איינע פון די שרעקליכסטע קראַנקהייטען, וואס איז כמעט נישט דא קיין רפואה דערצו. ביי א פערזאַמלונג פון א דייטשען הילפספעראיין פאר לונגען־קראַנקע איז מען געוואהר געוואָרען פון א נייע, גאנץ פשוט׳ע רפואה צו לונגען־שווינדזוכט. מען האט געפונען, אז אין א גיפס־פאבריק האבען א סך יאהרען 400 ארבייטער געאַרבעט און קיינער פון זיי איז נישט קראַנק געוואָרען אויף לונגען־שווינדזוכט. א טייל קראַנקע ארבייטער, וואס זענען אין די פאבריק אריינגעקומען מיט דער דאזיגער קראַנקהייט, זענען געהיילט געוואָרען. אין דעם הארץ־געבירג, וואו עס געפינט זיך תמיד גיפס־שטויב, מאכט דאָרט די לופט זעהר גוט שווינדזוכט־קראַנקע. אין ווייסענבורג ביי בערן ווערען לונגען־שווינדזיכטיגע געהיילט, ווייל דאָרט איז דא א וואַרעמע קוועלע, וואס האט אין זיך פיעל גיפס. דאס וואָלטען די דאָקטוירים בעדאַרפט מעהר בעאַכטען. אפשר וואָלטען די טויזענטער לונגען־קראַנקע, וואס מען האט שוין פאר זיי קיין רפואה נישט, דורך דעם איינפאַכען מיטעל געהאָלפען געוואָרען.

אים אסיען, וואו מען זאל ניט גהען אָדער שטעהן הערט מען הוסטען אָדער שנייצען — די רויהע נאסע ווינטען ברענגען מיט זיך קאַטאר. דאס בעסטע פשוט׳ע מיטעל געגען אזא קאַטאר איז ציבעלעס. מען צעשניידט די ציבעלעס אויף פיערטלען, לעגט זיי אריין אין א כלי צוזאמען מיט צעמאהלענעם האָנדעלצוקער און מען רעספט דאס טרוקען. פון דעם סאָק נעמט דער קראַנקער אלע צוויי שעה א קליינעם טיי־לעפעל. אזא סאָק זאל מען תמיד האַלטען אין שטוב אין א גוט צוגעשטאפּט פלעשל. אזוי ווי איינער בעקומט א קאַטאר זאל ער באַלד דאס איינגעמען. דאס וועט בעסער העלפען ווי אלע טייערע מיטלען אוים דער אפטייק. א קאַטאר צו פארנאכלעסיגען איז געפעהרליך, עס קאן זיך דארויס מאכען א לונגען־קאַטאר אָדער האַלז־קאַטאר. ביי קאַטארען, וועלכע טרעטען אויף ביי די לאנגע רעגענס מיט די מערב־ווינטען אים אסיען, ביי קאַטארען, וואס ביי נאכט איז ערגער ווי ביי טאג און אין שטוב ערגער ווי אין דרויסען, איז דאס אויבען דערמאנטע מיטעל א זיכערע רפואה.

אים אסיען ליידען טייל קינדער און אפילו גרויסע מענשען אויפ׳ן האַלז; די "מאנדלען" ווערען געשוואָלען. צו דעם איז גוט צו נעמען צעמאהלענע לייגע־זאמען מיט צעמאהלענע אייביש־וואָרצעל, אויסמישען מיט הייס וואַסער און דאס אויפשמירען אויף א האַנטוך און דעם האַלז ארומבונדען.

ד״ר ב.




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין אדעסא האט מען היינטיגען חודש אין גענענוואַרט פון וויצע־מיניסטער קאָקאָווצאָוו געעפענט העכערע פעדאַגאָגישע קורסען פיר פרויען.

## II. יודישע נייעס.

— דעם 17 אקטאבער האט מען אין אדעסא געפייערט דאס 50 יעהריגע יובילייאום זייט עס האט זיך אין אדעסא געגרינדעט די ערשטע יודישע רעגירונגס־שולע פאר פרויען. צום יובילייאום איז געקומען דער בעוואוסטער יודישער נגיד ל. א. בראדסקי אויס קיעוו

דאס איז די איינציגע רעגירונגס שולע אין רוסלאנד ספעציעל פאר יודישע מיידלעך.

— אין פינסק איז געשטארבען די לעהרערין מאריע לאבאזאווסקא־דערענבורג, די פארשטארבענע איז זעהר בעליבט געוועזען ביי די פינסקער יודען. איבערהויפט האט מ׳ען איהר געשעצט פאר די אבענד־קורסען פאר יודישע מיידלעך, ארבייטארינס און דיענסטען, וועלכע זי האט איינגעפיהרט.

---

# ווי זאל מען בעהאנדלען די דיענסטען?

(פארטזעצונג).

פון אנדערע זאכען. וואס געהערען צו א וואהנונג, ווי א שאפע, וואו צו האלטען די זאכען, א קאסטען, וואו צו האלטען די אומריינע וועש, דארף זיך א דיענסט אפילו נישט חלומ׳ן. איהרע קליידער, די ריינע און אומריינע וועש ליגען אלע צוזאמענגעווארפען אין איין קאסטען.

אמת מען געפינט דערויף א תירוץ, דאס גאנצע פארדיענסט פרעסט אריין דאס דירה געלד, געווויס אז מען קאן פאר זיך אליין ווי עס איז איינארדענען א ריינע ווירטשאפט, זאל מען נאך פאר די דיענסטען אויך זארגען? דער תירוץ קאן אבער נאר גילטען פאר די וואס וואהנען אין די גרויסע שטעדט, וואו דארטען זענען באמת וואהנונגען שרעקליך טייער, אבער אין די קלענערע פראווינץ־שטעדט און שטעדטלעך, וואו דאס דירה־געלד איז זעהר ווייניג, פאר וואס וויל מען דארטען נישט אבגעבען די דיענסט א בעזונדער חדר? און אפילו פאר די גרויסע שטעדטישע איז דאס אויך קיין תירוץ נישט, אויב זיי איז טאקי אזוי שווער דאס לעבען, זאלען זיי ליבערסט אבשפארען פון דעם גאסט־צימער, וואו מען לעגט אריין גרויסע סומעס געלד, וואס שיינער וואס מעהרער אויסצופוצען, כדי פאר פרעמדען זיך ווייזען רייך און נישט אבשפארען פון דער ארימער דיענסט און איהר לאזען שלאפען אויף דער הוילער פאדלאגע, ווי עס פאסירט ביי א טייל בעל־הבית׳טעס.

יעדע בעל־הבית׳טע דארף נישט פארגעסען, אז א דיענסט איז אויך א מאמעס א קינד, אז קיינע ווערד נישט געבארען קיין דיענסט, פונקט אזוי ווי קיינע ווערד נישט געבארען קיין בעל־הבית׳טע און ווען איינעם מזל קומט אויס צו בעדיענען אנדערע האט זי דערמיט נאך איהר מענשען־רעכט נישט פארלארען. ווען די בעל־הבית׳טע וויל, אז די דיענסט זאל איהר טריי זיין, דארף זי אויך זיין טריי דער דיענסט. אין די געבילדעטע לענדער, ווי ענגלאנד און פראנקרייך, איז איינגעפיהרט, אז די דיענסט מוז האבען איין עקסטרא צימער, וואו צו וואהנען, א שאפע, וואו צו האלטען איהרע קליידער און א קאסטען פאר ריינע וועש בעזונדער, און פאר אומריינע בעזונדער. אין טייל הייזער איז אפילו דא פאר די דיענסטען איין עטאזשער מיט אינטערעסאנטע ביכער צום לעזען, אפילו א פיאנינא צום שפיעלען. נאטירליך, קאן ביי אונז נישט זיין נאך די רעדע פון ביכער מיט פיאנעס, אבער א וואהנונג וואו צו וואהנען, א בעט מיט א מאטראץ, וואו צו שלאפען און איין ארט, וואו צו האלטען איהרע זאכען מוז יעדע דיענסט האבען. ווער עס קאן דאס נישט אויספיהרען דער טאר קיין דיענסט נישט האלטען.

איצט וועלען מיר זעהן וואס מען גיט אונזערע דיענסטען צו עסען.

מיר רעדען שוין נישט דערפון, וואס מען זעצט נישט די דיענסט, צוזאמען מיט דער גאנצער פאמיליע ביים טיש נאר מען ווארפט איהר צו אין דער פינסטערער קיך דאס עסען וואס מען גיט איהר, דאס וואלט שוין געוועזען צופיעל פארלאנגט, נאר וואס פאר מיני עסען גיט מען דער דיענסט!

אין דאס רוב בעל־הבתישע הייזער גיט מען דער דיענסט, דאס וואס עס בלייבט איבריג פון טיש, וואס קיינער וויל שוין נישט אין מויל נעמען. אמת, די גיאנעס, וואס זענען אויך אמען, גיט מען בעסער צו עסען. ווייל מען וויל אז דאס קינד וואס זי זייגט זאל האבען בעסערע מילך, אבער אזוי דיענסטען, קענען עסען אלץ וואס מען גיט זיי, די אמען פארשטעהען גאנץ גוט, אז דאס וואס מען גיט זיי בע־סער צו עסען ווי איין אנדער דיענסט, איז נאר צוליב דעם קינד און נישט צוליב איהר גופא און איז דעריבער איהרע בעלי הבתים נישט ווייניגער אונדאנקבאר ווי אלע אנדערע דיענסטען.

(ענדע קומט).

ל. גיימארק.

---

דער פרעזעדאטעל פון דער „האמעלער חברה צו העלפען יודישע ארימע לייט" ד"ר זאלקינד האט אונז צוגעשיקט א בריף, וואו ער שרייבט. אז 400 יודישע פאמיליעס זענען פון פאגראם געבליבען אן ברויט, די חברה מיט איהרע איינענע קרעפטען איז ניט אין שטאנד צו העלפען אזא גרויסע צאהל פאראומגליקליכטע מענשען. דעריבער איז די חברה געצוואונגען זיך ווענדען צו אלע וואס פיהלען די שרעקליכע לאגע פון די פאראומגליקע, אז יעדער זאל צושיקען זיין נדבה. די הילף אבער דארף זיין באלדיגע, דען דער ווינטער קומט אן און די לאגע פון די פאראומגליקליכטע ווערד ערגער.

נדבות קאן מען שיקען אויף די אדרעסע:

Въ г. Гомель Мог. Губ. Гомельское общество пособія бѣднымъ евреямъ

נדבות פאר דער האמלער חברה צו העלפען יודישע ארימע לייט (דורך דער אדמיניסטראציאן „יודישע פאלקסצייטונג" קראקוי.)

י. ראמבערג 7 רובל. ל. שאלקאוויטש 3 רובל. ספעקטאר 2 רובל: מ. אייזענשטאדט, ש. גוטמאן, י. גלינטערניק כ"א 1 רובל, מ. קאפלא 50 קאפ. ס"ה 13,50 רובל.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutchrer, Podgorze b. Krakau

## ההתחימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

# עולם קטן

שנה שלישית | שנה שלישית

המו"ל: הוצאת „תושיה" בורשה. העורכים: א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.

ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כל גליון מלבד שהוא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטובן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית ש.ת. תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

בתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

# „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

# חדשה לקוראנו!

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתלכל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראנו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא בתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

# „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה

ברוסיה: Издательство „ТУШIЯ" Варшава.

בשאר ארצות: Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 3?.

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

---

!! אראנאווסקי ווארשא, לעשנא № 4.

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויפראטען נאגניאטקעס (הינער-איגען) בהאדאנוקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ און 50 קאפ. פארדערן איבעראל.

(129) 25—26

---

פערלאג „פאלקסבילדונג".

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

ב.

## די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ג.

# דער זעקסטער ציוניסטען קאנגרעס

פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.

ציוניסטישע אגודות אינ ביים בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушiя", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

הוצאת „תושיה".

ספר חדש

# ארץ ישראל.

ספר למוד הגיאוגרפיה של ארץ ישראל עם מפה בעלת צבעים בעברית

מאת יהודה גרזובסקי.

וזה תכנו:

דברים אחדים.

פרק א: מקום ארץ ישראל, שמותיה, גבולותיה, גדלה וחלוקתה.

פרק ב: ההרים, העמקים והמדברות.

פרק ג: הימים והנחלים

פרק ד: שלטון הארץ, יושביה, עריה הגדולות ומושבות היהודים.

פרק ה: תוצאות הארץ, האקלים, תכונת הארץ ואחרים מחקי הארץ.

מחירו 25 ק', פארטא 2 ק'. (252) 3—5

Издат. „Тушiя" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.

---

# „הדגל"

מכתב-עתי בשפת עבר לכל עניני היהודים והיהדות בכל הארצות

יוצא לאור בלונדן אחת בשבוע.

„הדגל" מכיל 16 עמודים גדולים, ובו יבואו בכל גליון: מאמר ראשי, מכתבי סופרים מומחים ובקיאים, המפיצים אור על כל מראה וחזיון בעולמנו; הפרק מ„רחוב היהודים" מלא רב ענין וחדשות יתנפלו ביעקב, בפרק זה עובדים סופרים בכל חלקי התבל ואיים רחוקים, המקדימים להביא לקוראינו את החדשות המענינות ממקומותיהם. בהודעות „חדשות" ילדי-יום „הדגל" תמיד הראשון הזריז להודיען לקוראיו, בכל מקום שיש יהודים יש לו מודיעי-חדשות. פיליטון: בכל גליון וגליון יביא ספור, ציור או תמונה מקורי או העתקה. כן יבואו ב„הדגל" מאמרי מדע, ומקום רחב הוקצע בו לבקרת ספרים חדשים שיוצאים לאור. — מודעות זה החלק הנכבד לבני עמנו הסוחרים, ובהיות „הדגל" נפוץ בין כל אחינו שבכל ארצות תבל תביאנה המודעות-המסחריות רב טובה למוכרים ולקונים.

מחיר „הדגל" לשנה 5 רובל, בערך זה לחצי ולרבע שנה. לשלוח שטרות-רוסיא או מרקאות-הפוסטה בנות 10 קאפ' אל הרדקציה:

„Hadegel", 6 Tenter str. North London E.

או אל אחד מסוכנינו ברוסיה:

Издат. Тушiя Варшава. — Редакцiю Гацефира, Варшава.

Редакцiю Гамелиць, Ст.-Петербургъ,

Н. Кагановичъ, Варшава, Налевки № 38.

Л. Тыкочинскому, г. Бѣлостокъ.